# ליטעראַרישע סילועטן

— פון —

חיים ליבערמאַן

פאַרלאַג
אידיש לעבן
נויאָרק, 1927.

# אינהאַלט

# געאָרג בראַנדעס

I

אין אַ בוך וועגן בראַנדעס׳ן פרעגט פּראָפעסאָר פייף: ווי זאָל מען בראַנדעס׳ן באַצייכענען, וואָס פאַר אַ נאָמען אים געבן? און ער ענטפערט: צו באַציי־כענען בראַנדעס׳ן וואָלט מען געדאַרפט אַ ניי וואָרט אויסשמידן; אָבער סיי ווי וואָלט קיינמאָל ניט אויס־געקומען דאָס דאָזיקע וואָרט צו געברויכן, וואָרים אַ צווייטן בראַנדעס וועט די וועלט שוין מסתמא ניט זען...

דאָס איז שיין און אמת געזאָגט.

וואָרים די פּערזענלאַכקייט בראַנדעס לאָזט זיך ניט אַריינפּרעסן אין אַן איינציקן באַגריף. „איך בין ניט קיין פילאָזאָף — האָט בראַנדעס אַמאָל געזאָגט וועגן זיך אַליין — דערויף בין איך צו קליין; איך בין ניט קיין קריטיקער — דערויף בין איך צו גרויס“.

אפילו בראַנדעס, וואָס האָט אַזוי גלענצענד געקענט כאַראַקטעריזירן מענטשן, פעלקער און צייטן, האָט פאַר זיך אַליין קיין נאָמען ניט געהאַט. בראַנדעס איז געווען צו גרויס אפילו פאַר בראַנדעס׳ן.

בראַנדעס איז געווען מער ווי פילאָזאָף, מער ווי קריטיקער, מער ווי היסטאָריקער, מער ווי דיכטער־

מער ווי מאַלער און מוזיקער און סקולפּטאָר. ער איז געווען יעדע איינע פון די זאַכן און אַלע איבעריקע אַלס צוגאָב. בראַנדעס איז געווען א מענטש, אין וועלכן מען קען די גאַנצע וועלט דענקן; ער איז געווען אַ מענטש, וואָס איז איינער אַליין די גאַנצע מענטש־הייט געווען.

וואָרים ווי אַנדערש איז צו דערקלערן די צויבער־קראַפט מיט וועלכער ער האָט די גאַנצע וועלט הינגע־ריסן, און יענע איבערמענטשלאַכע פּילזייטיקייט וואָס האָט אַלע גייסטיקע דערשיינונגען איינגעזויגן און אַרויסגעשטראַלט?

עס דוכט זיך אָפּטמאָל: מען קען אויסשעפּן די ווערק פון שעקספּיר׳ן — בראַנדעס האָט זיי אויסגע־שעפּט; מען קען דערפּאָרשן די ווערק פון געטהע׳ן — בראַנדעס האָט זיי ביזן דעק דערפּאָרשט; מען קען דער־גרונטעווען די ווערק פון וואָלטער׳ן, מיקעל אַנדזשעלאָ, יוליוס צעזאַר — בראַנדעס האָט דעם וואונדער באַוויזן. די פאַנטאַזיע ווייניקסטנס קען זיי אַרומנעמען, קען זיי תופס זיין. מען קען אָבער ניט אויסשעפּן און ניט דער־גרונטעווען און ניט אַרומנעמען די ווערק פון בראַנדעס׳ן אַליין, אַזוי ברייט און פאַרוואָרצלט זיינען זיי אין אומ־צייליקע ליטעראַטורן, אין קולטורן גאַנצע. זיי זיינען ווי דער האָריזאָנט — וואָס ווייטער איר גייט אַלץ ווייטער רוקט ער זיך פאַנאַנדער.

וויפיל שרייבער האָט עס בראַנדעס באַהאַנדלט, און ביי די שרייבער — וויפיל מענטשן, וויפיל רעגונגען, וויפיל ניואַנסן און שאַטירונגען; וויפיל דורות און

לענדער האָט עס בראַנדעס אונטער זיין פעדער דורכ־
געפירט, און אין די דורות וויפיל געשטאַלטן, און
אין די לענדער וויפיל באַוועגונגען און שטרעמונגען!
ווי די שטערן אין הימל און די זאַמד אויפן ברעג פון
די ים׳ען. זיין האַרץ האָט אין זיין לעבן ניט אַזויפיל
האַרצשלאַג געטאָן, זיין ברוסט האָט אין זיינע טעג ניט
אַזויפיל אָטעמצי געגעבן וויפיל באַזונדערע זאַכן ער
האָט אין זיינע ווערק אַרונטערגעשריבן, אָפּגעמאָלן,
אויסגעטאַקט, אויסגעזונגען, — איר ווייסט ניט וואָסער
וואָרט באַצייכנט בעסער זיין מייסטערשאַפט. אַזויפיל
צו זען און באַנעמען — ניט אַנדערש אַלע פּאָרן פון זיין
קערפּער זיינען געווען אויגן, און יעדער פּינטל מיט
אַן אויג האָט אַ וועלט אַריינגעזויגן.

קיין קינסטלער און קיין מייסטער גיט ניט אָפּ
פון זיך אַזאַ מין געפיל ווי בראַנדעס. וועלכן מייסטער
איר וועט ניט נעמען, שטעלט ער זיך אייך פאָר אין
זיין צייט, אין זיין סביבה, איינגעשלאָסן, אַרומגענומען
אין גרענעצן, אונטן, אינווייניק. אַנדערש איז עס מיט
בראַנדעס׳ן. ער שטעלט זיך פאָר פאַר דער פאַנטאַזיע
ווי איבער — איבער זיין צייט, העכער און
אַרום זיין סביבה, גלייך ווי ער וואָלט אַרומגענומען
אייראָפּע און איר קולטור, אַזוי ווי דער אָדלער וואָס
שוועבט מיט אויסגעשפּרייטע פליגל דעקט איבער זיין
נעסט און הויזגעזינט. בראַנדעס האָט דער אייראָפּיי־
אישער קולטור מער געגעבן, ווי ביי איר גענומען.

הונדערטער יאָרן איז אַריסטאָטל מיט זיין טיפ־
קייט, פולקייט און פילפאַכקייט געווען דער וואונדער

פון דער וועלט — הונדערטע יאָרן ביז איצט. אָבער טויזנטער יאָרן פון איצט וועט עס בראַנדעס זיין — דער געזאַלבטער קעניג פון גייסט.

אַ מעכטיקער גייסט, אָנגעלאָדן מיט אַל־דאָס גוטס פון מענטשלאַכן וויסן, איז איין עלעמענט אין בראַנ־דעס׳ן. אַ צווייטער איז — זיין ברייטע, פשוט׳ע, קריש־טאַל־קלאָרע, עלעמענטישע מענטשלאַכקייט. און דאָ שלאָגן מיר זיך אָן אויפן ברייטן שליאַך, וואָס פירט אין בראַנדעס׳עס קעניגרייך.

טונקל, פינסטער, פאַרפלאָנטערט און פאַרדרייט איז וויסן: אַ חושך אין וואַלד, אַ ווירבל־ווינט אין מדבר, אייזיקע נאָדלען אין שטירמישן ווינטער־ים, דער־נער און עקדישן אין לייב; אָבער קלאָר און איינפאַך זיינען די פרימיטיווע געפילן, דורכזיכטיק און ליכטיק די פונדאַמענטאַלע מענטשלאַכע נאַטור, ליכטיק, גרינג און היילזאַם. און ווען דאָס וויסן באַזעצט זיך אין האַרצן, איז דער רעזולטאַט אָפט די פאַרפיינערטע נאַ־טור פון אַנאַטאָל פראַנס, די „איידעלע דעקאַדענץ“ פון באָדלעיר׳ן, די פאַר׳חלש׳טע זעל פון לעאָפּאַרדי. אָבער דאָרט, וואו עס הערשט דאָס ערשטע און עלעמענטישע, דאָרט איז פאַראַן די פשטות פון דעם קינד און דאָס עכטע, זיכערע, אינסטינקטיווע פאַרטרויט זיין מיט׳ן לעבן פון דעם פרימיטיוון מענטשן.

אָבער מיט בראַנדעס׳ן איז אַזאַ רעטעניש געשען: ביי זיין גאַנצער קולטורעלער פולקייט און באַלאָדנקייט איז ער געבליבן פאַרוואָרצלט אין דער סאָלידער און פונדאַמענטאַלער מענטשלאַכער נאַטור. דער נאַטור־

מענטש אין אים האָט זיך ניט פאַרפּלאָנטערט אין דעם „האָמאָ- סאַפּיענס". די אייראָפּייאישע קולטור האָט ניט געווירקט אויף אים פון איר קרייענקלאַכער זייט. בראַנדעס'עס יאָרהונדערט איז געווען אין תוך אַ יאָר־הונדערט פון דעקאַדענץ, אָבער אין דעם טשאַד פון דעקאַדענץ און נערוועז־איבערשפּאַנונג איז בראַנדעס געבליבן אַ ניכטערע נאַטור, און עס איז געווען אַ נאַטור פון ע פּ י ש ע ר גרויס. און ווייל זיין נאַטור איז געווען עפּיש ברייט, האָט ער געקאָנט אַריינגעמען אין זיך לענדער פון דענעמארק ביז כינע, און טעמפּעראַ־מענטן אַזוי פאַרשידן, ווי ניטשע'ס און טאָלסטאָי'ס; און ווייל זיין נאַטור איז געווען עפּיש ריין און לויטער, האָט ער געאורטיילט אַלץ און אַלעמען ניט פון אַ שטאַנדפּונקט פון אַ פערזענלאַכער אנשויאונג, נאָר פון עפּעס אייביק מענטשלאַכעס. די קאָמפּליצירטע גייסטער פון דער אייראָפּייאישער ליטעראַטור האָבן זיך אָפּגעשלאָגן געגן בראַנדעס'עס גייסט ווי אַ נעבל זעצט זיך אָפּ געגן העלן טאָג. אין מיטן פון אַ גייסטיק־פאַרווירבלטער וועלט שטייט בראַנדעס ווי אַ מעכטיקער נאַטור־גאָט, וואָס אין זיין האַרצן לייזן זיך אַלע שטורמען אויף.

שוין פון זיין סטיל רעדט אַרויס די דאָזיקע עפּישקייט.

די גאַנצע וועלט לייענט בראַנדעס'ן אין איבערזעצונג. די דענישע שפּראַך, די שפּראַך פון זיין אָריגינאַל, ווערט גערעדט פון אַ דריי מיליאָן מענטשן און ווערט ווייניק פאַרשטאַנען אויסערהאַלב דענעמאַרק. דאָך לייענט זיך בראַנדעס אין יעדער איבערזעצונג אַזוי

גרינג און נאַטירלאַך, ווי אין אַ מוטער־שפּראַך. ניט די פאַרשידענע שפּראַך־גייסטן און ניט די פאַרשידענע פּסיכאָלאָגיעס פון די פּילצאָליקע איבערזעצער, האָבן ניט געקענט פאַרפעלשן די נאַטירלאַכקייט פון בראַנ־דעס׳עס סטיל. דאָס איז דערפאַר, וואָס זיין סטיל איז אַן אַלמענטשלאַכער. דאָס איז דער סטיל, וואָס עס האָבן אַלע קונסט־ווערק, וועלכע זיינען געוואָרן אוני־ווערזאַל. זיי זיינען געוואָרן אוניווערזאַל, ווייל זיי האָבן אַזאַ סטיל.

ווי אַ ברייטער, ליכטיקער טייך, רואיק און מאַיעס־טעטיש, גייט בראַנדעס׳עס שפּראַך. אפילו אין די טיפ־סטע ערטער זעט זיך קלאָר דער גרונט. ווי דער שטילער ים וויים ער ניט פון קיין שטורם. אינוויייניק ווימלט מיט וואַקסן און לעבן, אָבער דרויסן בלייבט די אויי־בערפלאַך גלאַט און געלאַסן. איבער אַלץ און אַלעמען הערשט אַ מאַיעסטעטישע רואיקייט און עס רוט גראַנ־דיעזע קראַפט. בראַנדעס׳עס סטיל איז מאָנומענטאַל. ניט נאָר דער גאַנצער בנין פון אַ ווערק, נאָר אפילו יעדער טייל פון אים, יעדער קליינער זאַץ, איז אַרוים־געוואָרפן מיט אַ זשעסט, וואָס גיט דעם אָפּשלאַג פון אַ ווייטן ריטם, ווי פון אַ ברייטן קאָרן־פעלד איבער וועלכן עס שוועבט אַ לייכטער ווינט און כוואַליעט זיין גאָלדענעם אויבערפלאַך.

בראַנדעס׳עס גרויסע ווערק, זיין „שעקספּיר“, „געטהע“, „וואָלטעיר“, „מיקעל אַנדזשעלאָ“, „יוליוס צעזאַר“, זיינען יעדעס ווי אַ גראַנדיעזע קאַטעדראַלע, אַ קאַטעדראַלע, אין וועלכער עס ווערט אויף אַ פייער־

לאָכן אָרגל אויסגעשפּילט אַ ריזיקע זעלן־סימפּאָניע. זיי זיינען ווי קאַטעדראַלען ניט נאָר אין דעם גראַנדיעזן פאָרנעם פון דעם גאַנצן בנין, נאָר אויך אין די דעטאַלן פון אָרנאַמענטיק און פּוץ. איבער די געזימסן, אין די שטילע ווינקלען, אין די פאַרטראַכטע נישן זיינען פאַנאַנדערגעוואָרפן פיינאַרבעטן פון סקולפּטור, מאַלעריי און פאַרטרעטן־קונסט, וואָס שטעלן בראַנדעסן אויבן־אָן אין אַלע קונסטן.

בראַנדעס פאַרמאָגט אַ געוואַלטיקן טאַלאַנט פון געשטאַלטונג. אָן אָנשטריינגונג פאָרמט ער זיין מאַטעריע און פאַרוואַנדלט זי פון וויזיע אין ווירקלאַכקייט. אפילו געדאַנקען באַקומען ביי אים אַ פּלאַסטישע לייביקייט. דער אינווייניקסטער חוש פאַרוואַנדלט זיך לייכט אין אַן אויסערלאַכן, וועלכער ווערט ממשות׳דיק, כמעט מיט די פינגער אָנצונעמען. אין זיינע העלדן ריידן די מוסקלען פונקט ווי די צונג און עס דוכט זיך אייך, אַז סטאַטועס זיינען ריידנדיק געוואָרן.

אין זיינע ווערק זיינען פאַרשפּרייט פּייזאַזשן וואָס זיינען גלייך צו די שענסטע אויפן לייוונט. בראַנדעס מאָלט זיינע פּייזאַזשן צוליב זייער אייגענער שיינקייט וועגן, אָפטמאָל כדי אַרויסצוברייינגען די נשמה פון זיין העלד, אָפטער נאָך כדי פאַרצושטעלן דעם נאַטורגייסט פון אַ לאַנד און זיין פאָלק. פּייזאַזשן ווי זיינע, פאַרגייסטיקט דורך געדאַנקען־רייכקייט און זעלישן־סימבאָליזם — זייער גלייכן איז נישט צו געפינען צווישן די נאַטור־געמעלן אויפן לייוונט; זייער גלייכן געפינט מען נאָר ביי די גרויסע דיכטער פון פען.

און ווער איז גרעסער פון בראַנדעס'ן דעם פּאָרטרע־טיסט? וועלכער פּאָרטרעט־מייסטער האָט געמאָלן אַזוי פיל געזיכטער ווי בראַנדעס און וועלכער האָט אויפגעשריבן אַזאַ גאַלערייע פון געניאַלע געזיכטער ווי ער? וואו איז דער מייסטער פון פּינזל וואָס האָט גע־שאַפן שעקספּיר'ן, געטע'ן, היינע'ן, בייראָנ'ען, טאָל־סטאָי'ן, איבסענ'ען, ניטשע'ן, און ווענען פון די אומ־שטערבלאַכע נישט? און ווער פון די פּאַרב־דיכטער האָט געקענט אַריינזען מער אין אַ קנייטש אויפן שטערן, אין אַ פאַרטריבטן אויג אָדער אין אַ פאַרביסענער ליפּ, ווי ער?

ניט קלענער ווי אין אינדיווידועלער פּאָרטרעטן־מאַלעריי איז בראַנדעס'עס קראַפט אין מאָלן פעלקער, לענדער און צייטן. פאַראַן בלעטער ביי בראַנדעס'ן דורך וועלכע עס קוקן אַרוים פעלקער גאַנצע ווי דורך לעבעדיקע צוויי אויגן; פאַראַן שטעלן ביי בראַנדעס'ן, פון וועלכע לענדער אָטעמען אויף אייך אַרוים וואַרע־מען אָטעם; פאַראַן שורות ביי בראַנדעס'ן פון וועלכע עס דוכט זיך אייך אַז אָט הויבט זיך אויף אַן עפּאָכע און גייט לעבעדיק אַוועק אויף צוויי פיס.

די דאָזיקע מאַלערישע און פּלאַסטישע מייסטער־שאַפט באַלעבט די היסטאָרישע בלעטער ביי בראַנדעס'ן, ווי אפשר ביי קיין אַנדער היסטאָריקער.

אין ערגעץ ווערט ניט בראַנדעס דער ריינער היס־טאָריקער און ריינער ביאָגראַף, נאָר אייביק איז ער דער שעפערישער קינסטלער. זיינע בלעטער איבערן אַלטן רוים אין זיין „יוליוס צעזאַר" שטייען ניט אָפּ

אין ברייטקייט און אויסשעפּלאַכקייט פון מאָמזענ׳ס בלעטער, אָבער זיי איבערשטייגן זיי אין פּלאַסטישער און דראַמאַטישער שילדערונגס־קראַפט. וואָרים בראַנ־דעס פאַרמאָגט אויך די דערציילערישע פאָרם און באַ־הערשט דראַמאַטישן געשעען. די טראַגיק פון ווענדצייטן און שיקזאַל־ברוכן אין דעם לעבן פון פעלקער און מענטשהייט גיט ער איבער לעבעדיק, ווי דאָס ברעכן פון אַ צאַפּלדיק האַרץ. בראַנדעס׳עס באַלעבן פון היס־טאָרישן מאַטעריאַל האָט געבראַכט אַ רעוואָלוציע אין דער באַהאַנדלונג און דעם לימוד פון געשיכטע אין אייראָפּע.

גרויס איז אויך זיין קראַפט אין פּסיכאָלאָגישן אַנאַליז, סיי ביי גאַנצע פעלקער, סיי ביי אינדיווידועןן. אין דעם קעניגרייך פון בראַנדעס׳עס ווערק זיינען אָנ־געזייט שטעלן פון פּסיכאָלאָגישער פיינאַרבעט, וואָס געהערן צום רייכסטן פאַרמעגן פון דער פּסיכאָלאָגישער ליטעראַטור. ער צייכנט די זעלישע אַנטוויקלונג פון קינסטלער און עפּאָכן פול ליכט־און־שאָטן שפּיל, פול פאַרב און באַוועגונג. ער איז ווי מיט אַ שם המפורש אַרומגעגאַנגען, און יעדעס האַרץ, פון יחיד און פאָלק, האָט זיך פאַר אים געעפנט און פאַר אים אַ צונג גע־קראָגן. פאַראַן ביי בראַנדעס׳ן זאַצן וואָס לייכטן־אויף אַ האַרץ ווי אַ פאַס ליכט וואָס שניידט זיך אַריין אין פינסטערן צימער; פאַראַן ביי אים כאַראַקטעריזירונ־גען פון פעלקער וואָס נעמען אַרום אַזוי גאַנץ ווי אַ גאַרטל נעמט אַרום אַ קערפּער.

בראַנדעס אַליין האָט זיך געהאַלטן דער עיקר פאַר אַ פאָרטרעטיסט, וואָס דאַרף פאַרצייכענען „אַ מאָמענט

וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געווען און וועט זיך מער ניט ווידערהאָלן". אין אמת'ן אָבער איז ער, ווי לעאָנארדאָ דאַ ווינטשי, געווען מייסטער פון אַלע קונסטן. נאָר זיי זיינען אים פון די פינגער ארײַן אין צונג, פון ליים אין וואָרט, פון פינזל אין פעדער.

קיין וואונדער ניט וואָס ביי אַזאַ פולקייט און רייכקייט פון טאַלאַנט האָט בראַנדעס, שטאָלץ אין קינסטלערישער מאַכט, געוואַגט צו באַהויפּטן, אַז די קריטישע קונסט איז העכער ווי די פּאָעטישע.

„אויב דער קריטיקער האָט די באַגאַבונג צו באַנעמען און פאָרצושטעלן אַ גאַנצע פּערזענלאַכקייט, דאַן שאַפט ער אָפטמאָל אַ ווערק וואָס די דיכטונג קען קיינמאָל ניט דערגרייכן... זשעניען, באַגאַבטע און טיפע גייסטער וועלכע האָבן זיך אַליין דערשלאָגן צו אַ וועלט-אַנשויאונג, און וועלכע לעבן אין אַ גאַנץ אייגענער פילאָזאָפישער אָדער פּאָליטישער סיסטעם אָדער אין זייער אייגענער פּאָעטישער וועלט — אַזעלכע העלדן געפינט מען ניט אין די ראָמאַנען און דראַמען פון אונזער צייט".

אָבער גראָד די זיינען די העלדן פון דער קריטישער קונסט. דאָס מאַכט, לויט בראַנדעס'ן, די קריטישע קונסט, ווען זי איז קונסט, העכער ווי די פּאָעטישע.

זיינע איז עס אָפט געווען.

II

גרוים צווישן בראַנדעס׳עם פאַרדינסטן אין דער קריטיק שטייט זיין הערראַאישער אויפטו פאַר דער לי־טעראַטור בכלל. ער האָט אויפגעטאָן ניט ווייניקער ווי — באַשאַפן אַ נייעם וועלט־געפיל צו דער ליטעראַ־טור. בראַנדעס׳עם באַציאונג צו דער ליטעראַטור און קונסט איז געווען אַ רעלייגעזע. זי האָט פאַר אים אויסגעפילט די פונקציעס פון רעליגיע און פון רעלי־גיעזן ריטואַל. שוין אין זיין דרייצנטן יאָר, דערציילט בראַנדעס אין די „דערינערונגען פון זיין קינדהייט און יוגנט" האָט ער ניט געהאַט קיין גלויבן, נישט קיין קריסטלאַכן און נישט קיין אידישן. אָבער זיין יונגע נשמה, דערציילט ער, האָט געפילט די באַדעפניש עפּעס צו פאַרגעטערן און צו דינען. און ער האָט געפונען אַ באַפרידיגונג אין די גריכישע געטער און סטאַטועך. אין אַ מוזיי פון גריכישער קונסט, דערציילט ער, האָט ער געפונען זיין קירכע און גאָט, דאָס לאַנד פון זיין נשמה. יענע געפילן וואָס דער רעליגיעזער מענטש לעבט אוים אין זיינע תפלות, איבער די הייליקע ספרים און ווערק פון זיין אמונה, האָט בראַנדעס אויסגעלעבט איבער די ווערק פון דער קונסט און דער דיכטונג. איבער די קלאַסיקער פון דער וועלט האָט ער אויסגעפייניקט זיינע ספקות און דורכגעמאַכט יענע נשמה־חשבונות וואָס זיינען דער שיקזאַל פון יעדן טיפן גייסט. איבער „דאָן קיכאָט", דערציילט ער, האָט ער געוויינט מיט בלוטיקע

טרערן. אַ גרויס קונסטווערק האָט אים געקענט אויף טעג פאַריאָגן אין זיך אַריין, ווי אַ נזיר אין זיין הייל. צו די גרויסע ווערק פון דער ליטעראַטור האָט בראַנדעס געטראָגן זיין האַרץ אין די הענט, פונקט אַזוי ווי דער פרומער גלויביגער צום אַלטאַר. אַזוי פון דער יוגנט ביזן טיפן עלטער.

די ליטעראַטור איז אַ טעמפּל און ער אַ פרומער דאַווענער אין אים — דאָס איז געווען בראַנדעס'עס באַציאונג צו ליטעראַטור.

און אָט די באַציאונג האָט בראַנדעס אַריינגעטראָגן אין אַ וועלט וואָס האָט די ליטעראַטור אין אַלגעמיין גרינג געשעצט. פון שטענדיק אָן האָט מען אין איירָאָפּא באַטראַכט די דיכטער און זייערע ווערק מיט האַלבן ביטול. מען האָט געקוקט אויף דער ליטעראַטור ווי אויף אַ שיין שפּיל פון גרויסע קינדער. דער דיכטער האָט געהאַט פּלאַץ ביים פּרינצלאַכן טיש אַלס אַ משוי־קאַווער קוריאָז — באַגלייך מיטן הויף־נאַר. ער איז געווען אָן אונטערהאַלט פאַר דעם פּרינץ און הערשער אין זיינע לאַנגווייליקע שעה'ן. נאָך אין די צייטן פון עליזאַבעטה, ווען שעקספּיר האָט שוין זיין אַרבעט אָפּגעטאָן, האָט נאָך בען דזשאָנסאָן געקענט זאָגן וועגן דיכטער, אַז זיי זיינען די „נוצלאָזסטע צווישן אַלע קנעכט פון זיין מאַיעסטעט“.

און רעשטלאַך פון דער דאָזיגער שטימונג האָבן זיך נאָך געטראָגן ביז אונזערע אייגענע טעג. ביירָאָן האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַ מין האַלב־פאַראַכטונג צו דער ליטעראַטור. אַנאַטאָל פראַנס האָט געלערנט

זיין קלוגן העלד, דעם אבעי קאָניאַר צו זאָגן, אַז זייען קרויט איז אַ סך ניצלאַכער ווי צו שרייבן ביכער. און אין זיין אייגענעם נאָמען האָט פּראַנס אויף טויזנט אופנים איבערגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז „קונסט איז שיינער אונזין". און דאָס איז אויך דער טיפערער זין פון דער באָדלערישער טעאָריע פון דעקאַדענץ און דער וואַילדישער טעאָריע פון עסטעטיציזם, וואָס זאָגט אַז „קונסט איז נוצלאָז", נאָך מער — דאַרף זיין נוצלאָז.

געגן אָט אַזאַ בלאַזירטער באַציאונג צו ליטעראַטור, האָט בראַנדעס אַרויסגעשטעלט די רעליגיעזע באַציאונג. אַ טיפער אונטערשייד אין וועלט-אַנשויאונגען און וועלט-באַנעמען ליגט אין אָט די צוויי שטאַנדפּונקטן, וועלכע האָבן געזוכט די הערשאַפט איבער'ן האַרץ און מוח פון אייראָפּאַ. געוואונען האָט בראַנדעס. פון בראַנדעס'ן אָן הערט דער קינסטלער אויף צו זיין באַ־העמער און ווערט לערער און נביא. בראַנדעס האָט די ליטעראַטור צום אויבן-אָן פון לעבן אַרויסגערוקט. ער האָט זי פון די מוזייען און ביבליאָטעקן אַרויסגענו־מען און זי אין גאַס אַרויסגעפירט, פון פּאַלאַץ — אין קיך און קעלער און דאַכשטיבל געבראַכט. פון אַן אָר־נאַמענט האָט ער פון איר אַ האַנטווערק געשאַפן, פון אַ שפּיל — אַ טיפן ערנסט, אַ טעגלאַכע זאַך, טעגלאַכן ברויט און זאַלץ. ער האָט אין דער ליטעראַטור אַריינ־געוועבט דעם פולם פון לעבן. ער האָט אין איר פאַר־פלאָכטן דעם צאַפּלדיקן קאַמף פון פעלקער און מענטשן פאַר גליק, פרייהייט, גערעכטיקייט און שיינקייט. ער האָט געמאַכט פון איר אַ געצייג פאַר די בויער פון נייע וועלטן. און ווען מיר זעען היינט די אָנשטריינגונג פון

אַ קלאַס אין רוסלאַנד צו מאָביליזירן די הילף פון דער ליטעראַטור פאַר זיין באַפרייאונג האָט דעם זין דער־פאַר געגעבן בראַנדעס.

בראַנדעס, נישט טען, ווי עס ווערט דאָס רוב גע־האַלטן. בראַנדעס אַליין האָט באַטראַכט טען'ען פאַר זיין רבי'ן, אָבער טען האָט אין אמת'ן געמאַכט נאָר דעם ערשטן שריט. טען האָט געגעבן אַ טויטע פאָרמעל אין וועלכער בראַנדעס האָט ערשט אַ לעבעדיקן אָטעם אַריינגעהויכט. דערין ליגט דער טיפער אונטערשייד צווישן טען און בראַנדעס און בראַנדעס'עס אויבערהער־שאַפט איבער טען'ען.

טען איז אָבער און ווידער באַשטאַנען אויף דער וויסנשאַפטלאַכקייט פון זיין פאָרמעל. די פראָדוקטן פון דעם מענטשלאַכן געדאַנק, האָט טען גע־לערנט, פונקט ווי די פראָדוקטן פון דער לעבעדיקער נאַטור, קענען דערקלערט ווערן נאָר דורך זייער מיליע. ער לאָזט אוים פון אויג, אַז ביים מענטשן איז נאָך פאַראַן אַן אַנדער זאַך, דער עיקר פון אַלע עיקרים פאַר דער קונסט — די פערזענלאַכקייט. כדי די מיליע צו שטודירן, האָט טען געלערנט, איז נוי־טיק אויפצוזאַמלען אַזוי פיל פרטים ווי נאָר מעגלאַך, פרטים פון ראַסע, סביבה און צייט. און ווען די זיינען געהעריק אויפגעקליבן און סאָרטירט, ווערט אויפגע־קלערט דער קינסטלער און זיין ווערק אַזוי ווי פון די מיליע־באַאָבאַכטונגען פון דעם באָטאַניקער טרעט אַרויס דאָס וועזן פון אַ פלאַנץ. נים אַזוי האָט בראַנ־דעס געלערנט. „טען — האָט בראַנדעס געזאָגט — האָט

געקוקט אויף קריטיק ווי אויף אָנגעווענדעטער וויסנ־שאַפט. אָבער קיין מעטאָדישע פאָרשונג קען אונז ניט געבן דעם שליסל צו אַ קאָמפּליצירטן מענטשלאַכן גייסט. אפילו ווען דער קריטיקער האָט שוין טיף אויסגעפאָרשט זיין ענין און האָט שוין באַהערשט דעם מאַטעריאַל, דאַרף ער נאָך אָפטמאָל לאַנג וואַרטן ביז ער דערפילט אַז די פּערזאָן וועלכע ער וויל דאַרשטעלן איז געוואָרן אַ לעבעדיק וועזן אין אים".

אָט אין די לעצטע ווערטער, „ביז די פּערזאָן איז געוואָרן אַ לעבעדיק וועזן אין אים", ליגט דער טיפער אונטערשייד צווישן בראַנדעס'ן און טען'ען, וואָס איז דער אונטערשייד צווישן שאַפונג און מלאכה, צווישן קונסט און וויסנשאַפטלאַכער טעכניק. מיט דער דאָזי־קער באַטאָנונג האָט בראַנדעס אונטערשטראָכן דעם סוביעקטיוו־פּערזענלאַכן, דעם קינסטלערישן מאָמענט אין דער קריטיק און האָט געמאַכט פון דער קריטיק — אַ נייע קונסט.

צו די „זיבן קונסטן" האָט בראַנדעס צוגעגעבן אַן אַכטע.

טען און בראַנדעס שטייען איינער צום אַנדערן אין דער קריטיק אין דערזעלבער שייכות וואָס פראַנסיס בעיקאָן און דזשאָן סטוּאַרט מיל אין דער לאָגיק. אַזוי ווי טען האָט בעיקאָן געבויט אויף דער צענויפהויפונג פון באַאָבאַכטונגען און זייער סיסטעמאַטיזאַציע. ער איז געווען זיכער, אַז פון אַ גאַנצער מאַסע קלאַסיפי־צירטע פאַקטן וועט, ווי פון זיך אַליין, זיך אַרויסרוקן

דאָס פֿאַרבאָרגענע נאַטור-געזעץ, וואָס איז הינטער זיי. מיל האָט די אַנטדעקונג פֿון די אַלגעמיינע געזעצן אַרי-בערגעטראָגן פֿון די קלאַסיפֿיצירטע פֿאַקטן אויף אַ שעפֿערישן מאָמענט אין דעם פֿאָרשער. דער ערשטער האָט געבויט אויף דער באַאָבאַכטונג, דער אַנדערער — אויף דער פֿאַנטאַזיע. און די וויסנשאַפֿט און פֿילאָזאָ-פֿיע פֿון נײַנצענטן יאָרהונדערט איז געגאַנגען אין די טריט פֿון מיל.

דערזעלבער אונטערשייד איז צווישן טען און בראַנדעס.

עס איז פֿאַראַן נאָך אַן אומשטאַנד וואָס מאַכט בראַנדעס'ן פֿאַרן אמת'ן שעפֿער פֿון דער מאָדערנער קריטיק. טען האָט די סאָציאַל-היסטאָרישע מעטאָדע אָנגעווענדט בלויז אויף אַ קליינעם ווינקל פֿון דער לי-טעראַטור, אויף דער ענגלישער. און דאָ האָט ער זײַן בעסטע אַרבעט געטאָן אויף דער ליטעראַטור פֿון ווײַ-טערן עבר איידער אויף יענעם טייל וואָס איז געלעגן נעענטער צו אים. די גאַנצע מעטאָדע אין טען'ס הענט האָט דעריבער געטראָגן מער אַ טעאָרעטישן כאַראַק-טער. אָבער בראַנדעס האָט די דאָזיקע מעטאָדע אָנ-געווענדט כמעט אויפֿן גאַנצן געביט פֿון דער מאָדערנער אייראָפּייאישער ליטעראַטור און אין זײַנע הענט איז די מעטאָדע געוואָרן אַ לעבנסגעצייג.

דער טענישער סאָציאַל-היסטאָרישער מעטאָד, אין בראַנדעס'עס דערגאַנצונג, איז אַלזאָ געווען בראַנדעס'עס צוגאַנג צו אַ ליטעראַרישן ווערק. אָבער וואָס איז געווען זײַן קינסטלערישע מאָס, זײַן פּרובירשטיין ? וואָס האָט

ביי בראַנדעס'ן געהייסן אַ קונסטווערק? דאָס צו ענט־
פערן איז שווער. אומזיסט וועט מען זוכן ביי אים
אַ דעפיניציע פון אַ קונסט־ווערק. ווען דער פּרימיטי־
ווער מענטש האָט געשאַפן די ערשטע קונסטווערק אויס־
געקריצט אויף די ווענט פון זיין שטיינערנער הייל —
וואָס איז געווען זיין קונסט־טעאָריע? און ווען זיין
חבר האָט דאָס ווערק באַוואונדערט — וואָס איז געווען
זיין „קריטישע מאָס"? ווער עס וועט קענען ענטפערן
אויף די דאָזיקע פראַגן, וועט אויך קענען דערקלערן
בראַנדעס'עס טעאָריע פון אַ קונסט־ווערק. בראַנדעס
האָט זיך אָפּגערופן אויף אַ קונסטווערק ניט מיט אַ
טעאָריע, נאָר מיט זיין פונדאַמענטאַלער, עפּישער,
מענטשלאַכער נאַטור, און —

אַ קונסטווערק איז פאַר בראַנדעס'ן געווען דאָס,
וואָס האָט זיך האַרמאָניש צונויפגעגאָסן מיט דער פונ־
דאַמענטאַלער מענטשלאַכקייט.

צו דער פונדאַמענטאַלער מענטשלאַכער נאַטור,
לויט בראַנדעס'ן, געהער אין ערשטער ריי, פּשטות פון
געפיל און ניכטערקייט פון פאַרשטאַנד. פון קליינוויז
אָן האָט בראַנדעס לײדנשאַפטלאַך ניט פאַרטראָגן דאָס
וואָס איז טונקל און מיסטיש. „איך האָב געפונען מיין
העכסטן גליק אין דער פרייד פון פאַרשטיין", שרייבט
בראַנדעס וועגן זיך. אַלכעמיע, קבלה, דער „פילאָזאָפי־
שער שטיין" — דאָס איז אים פרעמד און דערווידער.
אַלס דרייצן יעריקער אינגל, ביי דער קאָנפירמאַציע,
האָט ער זיך שוין אָפּגעזאָגט צו דערקלערן אַז ער גלויבט
אין גאָט. „דאָס קריסטנטום — שרייבט ער — האָט מיך
אָפּגעשטויסן מיט זיינע לעגענדן, זיינע דאָגמען און זיין

קירכן־ריטואַל. פאַרקערט, אָבער, האָט עס מיך געצווינגן צום גריכנטום, וואָס איז לויטער, פּשוט און נאָענט. איך בין אַנטלאָפן פון די געטער פון אַזיען צו די געטער פון אייראָפּאַ, פון פּאַלעסטינע צו גריכנלאַנד, און האָב מיט הייסער באַגייסטערונג זיך געטוליעט צו דער גריכישער וועלט פון שיינקייט". אַזוי האָט ער געפילט אין זיינע קינדערשע יאָרן און אַזוי האָט ער אויך געפילט אין זיין טיפסטן עלטער. אין איינעם פון זיינע סאַמע לעצטע ווערק, אין „העלאַס", שרייבט ער: „גריכנלאַנד, ניט פּאַלעסטינע, איז דאָס הייליקע לאַנד, און ביז די מענטשהייט וועט ניט אַנערקענען דעם דאָזיקן פאַקט, ביז די מענטשהייט וועט ניט פאַרוואָרפן איר גלייכגילטיקייט צום אמת און איר פיינטשאַפט צום ריינעם פאַרשטאַנד וועט די ציוויליזאַציע לאַנגזאַם אונטערגיין".

אמת, וואָס איז דאָס קינד פון ריינעם פאַרשטאַנד; ריינער פאַרשטאַנד וואָס איז דאָס קינד פון ניכטערקייט — דאָס איז די הייליקע דריי־איינקייט וואָס האָט בראַנדעס'ן געלאָקט אין דעם גריכנטום. אמת, פאַרשטאַנד, ניכטערקייט און — נאַטירלאַכקייט, קלאָרקייט, איינפאַכקייט, דורכזיכטיקייט. אונזער ציוויליזאַציע איז אַ קאָמפּליצירטע, שרייבט בראַנדעס, אָנגעלייגט אַ פלאַך אויף אַ פלאַך, אַ געמיש פון פאַרשיידענע עלעמענטן, אָבער די גריכישע קולטור איז אַן אָריגינעלע, אַן אור־שפּרינגלאַכע און אַ נאַטירלאַכע, און דערפאַר אַ העכערע און אַ גענזינטערע, און דערפאַר אַ בעסערע גאַראַנטיע פאַר דער ציוויליזאַציע.

אָט דער גריכישער אידעאַל פון נאַטירלאַכער פּשטות איז געווען בראַנדעס'עס פירנדער שטערן אין

דער קונסט. דערפאַר איז בראַנדעס געווען אַ ר ע אַ ־ ליסט. אָבער זיין רעאַליזם איז ניט געווען דער רע־אַליזם וואָס איז „שולע", נאָר דער רעאַליזם וואָס איז יענע נאַטירלאַכע ניכטערקייט, וועלכע האָט געהאָלפן דעם מענטשן זיך דערהאַלטן אין אַ וועלט, וואו אויף יעדן שריט האָט געלויערט געפאַר און טויט. ער האָט געזוכט אין אַ שרייבער די ערשטע קוואַל, און געהאָלפן, פון אונטער אַלע שלייערן, דעם נאַקעטן מענטשן זיך ארויסצעוויקלען צוריק צו דער אור־מענטשלאַכקייט.

„דעם איינדרוק וואָס איך וויל דער עיקר איבער־לאָזן — זאָגט בראַנדעס צום שלום פון איינעם פון זיינע פריסטע ווערק — איז, אַז דער מענטש וואָס האָט גע־געבן אַ וועלט־רום דעם נאָמען עסאַיאַס טעניע, איז גע־ווען נאָך אַלעמען ניט מער ווי מענטשלאַך, אין זיינע חסרונות אַזוי גוט ווי אין זיינע מעלות, אַ טיף געוויסנ־האַפטע, ערלאַכע נשמה, זייער אויפרייצבאַר אָבער מיט אַ ליכטיקער ליבע צו שיינקייט און אמת".

אין דער קליינער ציטאַטע ליגט דער קערן פון בראַנדעס'עס ווען.

נאָר צו די צוויי אייגנשאַפטן פון ניכטערן געפיל און קלאָרן פאַרשטאַנד, וואָס זיינען סטאַטישע, איז דאָ אַ דריטע אייגנשאַפט, אַ דינאַמישע, וואָס געהער, לויט בראַנדעס'ן, צו דער פונדאַמענטאַלער מענטשלאַכער נאַטור. דאָס איז אַ דראַנג צו עקספּאַנסיע פון נשמה. די מענטשלאַכע נשמה איז ניט אַ פאַרענדיקטע זאַך. זי איז אַ זאַך וואָס וואַקסט, וואָס ציט צו אויסברייי־טונג און דערהויבונג. און אַ קונסטווערק איז דאָס וואָס

העלפּט דער דערפילונג און רעאַליזירונג פון דער מענטשלאַכער פּערזענלאַכקייט, דער דערהויבונג און אויסברייטונג פון מענטשלאַכן גייסט. און דעריבער זיינען אַלע בראַנדעס'עס ווערק אַ געזאַנג צו דער פרייהייט, אַ הימנע דער פּראָגרעסיווער מענטשלאַכער פּערזענלאַכקייט. די ליטעראַטור פון אַ יאָרהונדערט האָט ער אין א חלום פון פרייהייט צוזאַמענגעטרוימט. דורכדעם שטייט בראַנדעס אין די ערשטע רייען פון די פרייהייטס-קעמפער פון ניינצענטן יאָרהונדערט, נאָר זיין וואָפן איז געווען אַן אַנדערע ווי די וואָפן און קאַמפמיטל פון די אַנדערע פרייהייט-קעמפער און וועלט-דערלייזער: בראַנדעס האָט די וועלט געוואָלט אויסלייזן — דורך אַ שיינער מעשה.

און בשעת דאָס רוב פרייהייטס-קעמפער האָבן געהאַט יעדער זיין באַשטימטן פּראָגראַם, ווער דעם ליבעראַליזם, ווער דעם סאָציאַליזם, ווער דעם אַנאַרכיזם, איז געאָרג בראַנדעס געבליבן שטיין דרויסן פון יעדן פּראָגראַם. וואָרים ער איז געווען צופיל אַל-מענטש אַז זיין פרייהייט זאָל זיך לאָזן איינשליסן אין די ראַמען פון אַ פּראָגראַם. זיין פרייהייט איז געווען די פרייהייט אַלס דראַנג, די פרייהייט אַלס אורמענטשלאכע ליידנשאַפט, וואָס יעדע פאָרמע איז איר גוט און אַלע פאָרמען צו ווייניק. זיינע איז געווען יענע פרייהייט וואָס איז דער אייביקער חלום, וואָס טרוימט זיך אין דער קונסט, און אין דער קונסט האָט בראַנדעס דעם חלום געטרוימט.

אָט דאָס איז געווען בראַנדעס'עס קריטישע מאָס. זי קען ניט געגוי אָנגערופן ווערן, זי קען נאָר געאַנט

ווערן. זי קען אפשר אַמבעסטן אויסגעדריקט ווערן אין דעם וואָרט פון דעם כינעזישן חכם, וואָס האָט געזאָגט:

„דאָס וואַרע וואָרט איז ניט זיס, דאָס זיסע וואָרט איז ניט וואַר; גוט איז ניט געצירט, געצירט איז ניט גוט; ווייז איז ניט געלערנט, געלערנט איז ניט ווייז".

עכטקייט, פאַרנונפט, פרייהייט — דאָס זיינען די דריי עלעמענטן פון בראַנדעס'עס פערזענלאַכקייט, די דריי יסודות פון דער מענטשהייט, די דריי פרינציפּן פון דער קונסט, און זיי האָט בראַנדעס אויסגעדיכ־טעט און אויסגעזונגען אין אַ ריי פון ווערק וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ ריזיקע וועלט־פּאָעמע, וואָס האָט נישט איר גלייכן.

# ראַינער מאַריאַ רילקע

ווילסטו רילקע׳ס דיכטונג קענען?

גיי אַרוים אויפן „ברייטען וועג" פון נויאָרק, אויפן אָפּערן פּלאַץ פון פּאַריז, אויפן פּאָטסדאַמער פּלאַץ פון בערלין, און שכור אָן דיין אויג מיט דער פאַרשייטער ליכטינקייט וואָס האָט אָפּגעשאָפּט די נאַכט; און פון דאַנען שלייך זיך אַוועק אין אַ צניעות׳דיג געסל, אין אַ שול אָדער קלויסטער, וואו אַ נר תמיד שטייט און ברענט זיך שטיל און אייביג — דאָס איז רילקע׳ס דיכטונג.

ווילסטו רילקע׳ס ליד זען?

גיי אריין אין אַ מאָדערנעם גיהנם פון אַרביים, אין דער קוילן-מינע וואו שטיין ווערט צומאָלן אויף ליכט, אין דער שמעלצעריי וואו אייזן ווערט געגאָסן ווי וואַסער, אין דער פאַבריק וואו מוסקלען פלעכטן פרענטעם שטאָל ווי ווייכע ריטלאַך; און פון דאַנען לויף אין נאָענטסטן שפּיטאָל, זוך אוים די קראַנקסטע בעט, און אויף איר — די בלייכסטע האַנט אין אַנמאַכט אויסגעצויגען — און דאָס איז רילקע׳ס ליד.

ווילסטו רילקע׳ס געזאַנג פאַרנעמען?

גיי אַרוים אין אַ ווילדן געוויטער אין פעלד, הער אריין אין דעם געשריי פון ווינט און וואלד, לייג-צו

דיין אויער צום געפילדער פון בליץ און דונער, און אין דער קראַכעריי פאַרנעם אַ מיטגעטראָגענעם קרעכץ פון אַן אייגעשראָקענער באַשעפעניש, אַ זיפץ פון ערגעץ אַן אויסגייעדיקן האַרצן — און דו וועסט הערן רילקע׳ס געזאַנג.

אַ פרום צאַנקענד ליכטל אין אַ וועלט פון פלאַמען, אַ פאַר׳חלש׳טע האַנט אין אַ וועלט פון אייזערנער קראַפט, אַ פאַרוואָגלטער טאָן אין געפילדער פון די צייטן — דאָס איז רילקע׳ס געזאַנג. עס איז דער צאַרטער, דער שטילער געזאַנג פון די זייטיגע. עס איז דער פאַרשמאַכטער געזאַנג פון דעם פויגל וואָס איז הינטערגעבליבן זיין מחנה, פון דעם בלאַט וואָס האָט פאַרגעסן אָפּצודאַרן, פון דעם גרעזל וואָס האָט זיך פאַרשפּעטיקט פאַרוועלקט צו ווערן. רילקע איז אַרומגעגאַנגען אין זיין צייט ווי אַ נאַכט-גייסט וואָס האָט ניט באַוויזן צו גרייכן זיין רו איידער דער האָן האָט אויפגעקרייט. רילקע איז געווען, ווי אַ קריטיקער דריקט זיך אויס, „דער גרעסטער ליריקער וואָס די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן זינט דעם מיטלאַלטער", אָבער ער איז עס געווען אין אַ צייט וואָס איז אין תוך אומליריש געוואָרן.

וואָס איז דען די ליריק ?

די ליריק אַנטשטייט אויף יענע ראַנדן וואו מענטש און נאַטור פליסטערן זיך אויפן אויער, דאָרט וואו די נשמה באַרירט זיך אַם אינטימסטן מיט דער וועלט און אירע זאַכן. זי אַנטשטייט אין די מיסטעריעז פון שטיל-קייט, אין דער צאַרטער ווייכקייט פון רו, אין דעם קלעם

פון ליבע און געשלעכט, אין די אָרימס פון דער נאַכט, אין דעם סודות׳פולן וועבן־זיך פון לעבן אין בוים און בלום, אין חבר׳שאַפט מיט פויגל און חיה, אין אָנגעזיכט פון דער געהיימניספולער שיינקייט פון דעם וועלט־געשעען. די ליריק ווערט געבאָרן דאָרט וואו עס רעגט זיך דאָס בייגקען נאָכן אומקלאָרן און ווייטן, וואו עס שמאַכט דאָס האַרץ נאָכן אוממעגליכן און אומדער־גרייכבאָרן.

אָבער אָט די קוואַלן פון דער ליריק זיינען פאַר־שטאָפּט געוואָרן אין אונזער צייט. אייזן און שטיין פאַרשטייען ניט די שפּראַך פון דער נשמה. אין דער מאָדערנער שטאָט פון אייראָפּא און אמעריקע איז ניטאָ קיין נאַטור, ניטאָ קיין געהיימניספולקייט, ניטאָ קיין בייגקען. וואו איז דער צויבער פון אָוונט־דעמערונג, פון בין־השמשות, אין דער העלער, גרעלער שטאָט פון היינט, וואו איז די מיסטישע קראַפט פון שוואַרצער נאַכט? דור נאָך דור וואַקסט אויף וואָס קען ניט דעם פּנים פון הימעל, וואָס האָט קיינמאָל קיין שטערן ניט געזען. זונען־אויפגאַנג און זונען־אונטערגאַנג — די מויערן פאַרשטעלן זיי. בוים און בלום אויסגעהאַקט און זייער סוד פאַרשוואונדן. פון חיות זיינען אין דער שטאָט נאָר געבליבן קעץ און מייז און די פעלען אין די ווינטערמאַנטלען. און וואָס איז בייגקשאַפט ווען אויף יעדן חוש זיינען דאָ הונדערט איינדריקן און אויף יעדן דראַנג טויזנט באַפרידיגונגען? און פון דער געהיימנים פון ליבע און געשלעכט — קינד און קייט ווייס דעם באַשייד נאָך איידער עס האָט געשפּירט דעם סוד. דעם רייץ פון גרויסע ווייטן האָט די מאַשין אויפגעגעסן, די

שיינקייט פון דער שטילקייט האָט די ראַדיאָ איינגע־שלונגען. עס איז אונמעגליך געוואָרן פאַרלאָרן צו זיין אין דער וועלט, ווען יעדעס הויז האָט אַ נומער. עס איז אונמעגליך געוואָרן צו זיין אַליין ווען די ראַדיאָ שטעלט־צו ליאַרם דעם פליער אין די וואָלקן און דעם טויכער אין די וואַסערדיקע טיפן. עס איז אונמעגליך געוואָרן צו וועלן און לעכצן, ווען זאַכן זיינען דאָ אַזוי גוואַלטיק און שרייאיק. די גרויסע שטאָט פון היינט האָט צו געבן אין אַ טאָג וואָס אַמאָל איז ניט געווען צו נעמען אין אַ לעבן.

עס איז אַ וועלט־איבערבייט וואָס באַשאַפט אַ נייע פּסיכאָלאָגיע. אַ נייע גייסטיקע לוינע איז אָנגעשטאַנען אין דער וועלט וואָס איז ניט ליריש און וואָס קען ניט אויסגעדריקט ווערן אין דער ליריק. און ווער וויים צי שטייען מיר ניט ביים אָפּשטאַרבן פון אַ גאַנצן ליטע־ראַרישן זשאַנר, דער ליריק, אַזוי ווי אַנדערע צייטן האָבן אַרויסבאַגלייט אַנדערע ליטעראַרישע זשאַנרן און פאָרמען. די ליריק איז אַ פלאַנץ וואָס קען נאָר געדייען אין ווייכער היימישקייט, אָבער די מעטראָפּאָל פון קאַלטן שטיין און אייזן איז איר פיינדלאך. די גרויסע שטאָט איז דראַמאַטיש, ניט ליריש.

און אין אַזאַ צייט און אין אַזאַ אומגעבונג איז עס אויף רילקע׳ן אויסגעפאַלן צו זיין „דער גרעסטער ליריקער פון דייטשלאנד זינט דעם מיטלאַלטער״.

קיין שאַרפערער ריס צווישן קינסטלער און צייט קען גאָרניט געמאָלט זיין. אַ טיפע שיקזאַל־טראַגעדיע

איז אויסגעדריקט אין רילקע׳ם ליד „דער לעצטער״, וואו דער דיכטער קלאָגט:

Denn was ich fortstelle
hinein in die Welt,
fällt,
ist wie auf eine Welle
gestellt

א וועלט געשטעלט אויף א וויגנדיקער וועל — דאָס איז רילקע׳ם לעבן געווען אין אונזער צייט. אָן באָדן, אָן וואָרצלען.

און אָן קראַפט. ניט נאָר אין גייסט נאָר אויך אין קערפּער איז רילקע געווען — ריינער ליריזם. ער איז אינגאַנצן געווען ווי פון דיכטונג געוועבט, געשאַפן פאַר פוך און זייד, ניט פאַר שטאָל און צעמענט. זיין גאַנץ וועזן — איידל און צוברעכלאַך ווי א כינעזישע טאַס פון דעליקאַטסטן פאָרצעליי. און דאָס איידעלע געפעס אַנגעגאָסן מיט צאַרטן גייסט פון שטאַרבנדיקן יחוס. וואָרים רילקע איז געווען דער לעצטער שטאַמלינג פון אַן אַלטער אַדעליקער פאַמיליע. זיין קערפּער מיידלש ווייך און אינגילש קליין, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט אויפצעוואַקסן, און אויגן צוויי — גרויסע, איבעראַשטע, איינגעשראָקענע, פול מיטן פיין פון אינערליכער פּראָבלעמאַטיק.

א צאַרט געפעס פלאַצט אָפט פון צו שאַרפן ליאַרם. איז רילקע פון די טומל-מעטראָפּאָלן אַנטלאָפן צו דער איינזאַמקייט און שטילקייט, צו זיצן און קוקן אויף

דער לאַנדשאַפט „דורך דעם איינציקן פענסטער פון אַ צימער אין וועלכן עס האָט זיך לייכט געהערט מיט קראַנקהייט".

רילקע האָט געלעבט „פירכטערלאך איינזאַם — שרייבט פּאול וואַלערי — איינזאַם צווישן גרויסע, טרויעריקע בערג; אין אַלטע פּאַרטרוימטע צימער, צווישן טונקעלע מעבל מיט קאַרגן ליכט". אין דער דאָזיקער איינזאַמקייט האָט רילקע געלעבט לאַנג און ליידנשאַפטלאך, ביז די איינזאַמקייט איז געוואָרן איינע פון די גרויסע מאָטיוון אין זיין פּאָעזיע. ער האָט די איינזאמקייט געליבט, און געליבט זי אַלס פּיין און אַלס פרייד, אַלס קראַנקהייט און אַלס געזעזונג, אַלס פאַרצווייפלונג און אַלס דערלייזונג. זי איז אים קללה און ברכה, זי איז אַ גוטע פייע און אַ בייזע מכשפה וואָס גייט און קלאַפּט מיט אַ גרויסן שטעקן. זי איז פאַר אים אַן „אַנגסט אַליין", אָבער אויך אַ מיטל „דאָמיט איך גרעסער בין". אין איינזאַמקייט וואַקסט די נשמה.

די איינזאַמקייט האָט אַן אומאָפּטיילבאַרע באַגלייטערין — די שטילקייט. און די שטילקייט איז נאָך אַ גרויסער מאָטיוו אין רילקע'ס פּאָעזיע. קיין וואָרט ווידערהאַלט זיך ניט אַזוי אָפט אין רילקע'ס דיכטונג, סיי אין פּאָעזיע סיי אין פּראָזע, ווי שטיל און שטילקייט. יעדע דריטע שורה האָט איינס אָדער דאָס אַנדערע. די שטילקייט איז אויסגעשפּרייט איבער רילקע'ס דיכטונג אַזוי ווי דער הימעל איבער דער ערד. די שטילקייט ביי רילקע'ן איז ניט אַ צושטאַנד נאָר אַ רעאַלי-

טעם. זי איז עפּיס וואָס הויבט זיך אַרויס פון דער וועלט אַזוי ווי אַ נעבל הויבט זיך אַרויס פון טייך. זי איז אַן עמאַנאַציע, אַן אויסשטראַמונג פון דער וועלט און אירע זאַכן. „זאַכן — שרייבט רילקע איז זיין בוך איבער ראָדען, וואָס איז אפשר דאָס שענסטע שטיק פּראָזע אין דער היינטיקער ליטעראַטור — ווען איך רייד אַרוים דאָס וואָרט (הערט איר ?) אנטשטייט אַ שטיל-קייט — — די שטילקייט וואָס איז אַרום זאַכן — די גרויסע באַרוהיגונג פון זאַכן".

רילקע׳ס פּאָעזיע איז — דער עפּאָס פון שטילקייט.

טומל איז פון מענטשן, שטילקייט איז פון גאָט.

און דאָרט, צווישן די גרויסע, טרויעריקע בערג, אין אָפּגעשלאָסענער אַליינקייט, איז רילקע געזעסן און זיך געטוליעט צו די לעצטע רעשטלאך פון אַ וועלט וואָס איז אַמאָל ליריש געווען: קינדער און פּראָסט פאָלק. קינדער און פּראָסט פאָלק זיינען די איינציקע טיילן פון דער מענטשהייט וואָס רילקע האָט נאָך נאָענט געהאַלטן צו זיין האַרצן לגבי די שטאָט-מענטשן, וועלכע ער האָט פאַרשטויסן. רילקע האָט ליב געהאט קינדער ווי פרויען האָבן זיי ליב. ווי פישעלאך פון וואַסער אַזוי שפּרינגען אויף דאָ און דאָרט און איבעראַל אין רילקע׳ס ווערק גלאַנציקע, ליבע רייד וועגן קינד און פּראָסט פאָלק. ווי ליב ער האָט נאָכצוגיין די שטימונגען פון זיין פאַרגאַנגענער קינדהייט ווען זיי דערוואַכן אין אים, און די בילדער פון זיין אַלטער פויערשער בעהמען! ער האָט זיי ליב געהאַט, קינד און פאָלקטום, דערפאַר וואָס ער האָט געגלויבט, צוזאַמען

מיט אזוי פיל דיכטער, אַז ערגעץ־וואו שטייען זיי, אומ־באַרירטע, נעענטער צו גאָט. און זיין זים ביכעלע, „געשיכטן פאָם ליבן גאָט", איז אַ באַזונדערער אויסדרוק פון אָט דעם געפיל רילקע׳ס. דאָ זיינען אַלע דריי, קינד, פאָלק און גאָט צונויפגעפלאָכטן אינאיינעם ווי אין אַ שיינעם קראַנץ פון ליבע, באַשיידענע פעלד־בליימעלאך.

קינד, פאָלק, זאַכן, איינזאַמקייט, שטילקייט — דאָס זיינען די גרויסע לירישע מאָטיוון פון רילקע׳ס פּאָעזיע, און — גאָט. פאַר אַלעם גאָט. יענע זיינען די נעבן־מאָטיוון, גאָט איז דער הויפּט־מאָטיוו. ניט דערפאַר וואָס רילקע איז קאַטויליש אויפגעצויגן געוואָרן, אויך ניט דערפאַר וואָס זיין געבורטס־שטאָט איז געווען פּראג, די שטאָט וואו קריסטנטום, יודנטום און מאַגיע האָבן צונויפגעקנוילט איין טונקעלן און געהיימניספולן גייסט וואָס פילט אָן אירע גאַסן, אירע הייזער און די אַלטע טיפע שפּאַלטן אין אירע געבויגענע ווענט. רילקע׳ס רעליגיעזיטעט איז ניט קיין גלויבן און ניט קיין דאָגמע; רילקע איז גע־באָרן געוואָרן רעליגיעז. עס איז אַ דופּט פון זיין בלוט. עס איז אַן אונטערגרונט פון וועלכן ער וואַקסט און צו וועלכן ער איז צוגעוואָרצלט. עס איז אַ גוואַלט וואָס טראָגט אים, אַ נויטווענדיקייט וואָס באַדינגט זיין זיין. רילקע האָט געפילט דעם רעליגיעזן פּאַטאָס ווי עפּעס אַ מין צווייטע גראַוויטאַציע אין דער וועלט. „אַזוי ווי די שווערקראַפט איז דאָס אַלגעמיינסטע אוי־שטילסטע געזעץ — שרייבט ער — אַזוי איז די פרו־מיקייט וואָס איך מיין נישט קיין אַנדער זאַך ווי אַ שפּעטע און שטילע שווערקראַפט וועלכע ווירקט פון

גאָט׳ס טיפעניש אויף דער זעל און ציט אַראָפּ די געזיכטער אין שאָטן און נאָכדיינקלאָכקייט״.

די פרומיקייט, די רעליגיעזיטעט איז עפּיס וואָס איז אַזוי ווי די קראַפט פון גראַוויטאַציע פון דער ערד; אָבער דאָס פאַרקערטע איז פאַר רילקע׳ן אויך אמת: די גראַוויטאַציע פון דער ערד האָט עפּיס אין זיך פון דער מיסטישער ציאונג פון דער נשמה:

Wenn etwas mir vom Fenster fällt
(Und wenn es auch das Kleinste wäre)
Wie stürzt sich das Gesetz der Schwere
gewaltig wie ein Wind vom Meere
auf jeden Ball und jede Beere
und trägt sie in den Kern der Welt.

אי די דריבנע יאַגעדקע, אי די נשמה — ביידע, אַלע ציען ערגעץ צו יענעם אומבאַוואוסטן און געהיימען, וואָס איז דער „קערן פון דער וועלט״.

אויסגעשלאָסן פון דער שטיין און אייזן וועלט האָט זיך רילקע איינגעוויקלט אין גאָט ווי א דערפרוירן ווערעם אין א וואַרים קלייד. רילקע איז ניט דער איינציקער אין דער היינטיקער פּאָעזיע וואָס האָט געדיכטעט פון גאָט. אָבער אין אים האָט דער גאָט־געפיל אין דער מאָדערנער צייט געפונען זיין העכסטן אויסדרוק. ביי די מערסטע דיכטער האָט זיך דער גאָט־געפיל אויסגעדריקט אין אַן אומקלאָרן, צעשוואומענעם פּאַנטעאיזם. אָבער פאַר רילקע׳ן איז גאָט געווען כמעט

עפעס פאַסבאַרעס. די אָנוועזנהייט פון גאָט איז געלעגן אויסגעשפרייט פאַר זיינע אויגן קלאָר ווי אַ לאַנדשאַפט. ביי רילקע'ן נעמט גאָט אָן אַ געשטאַלט. ער שפּאַנט איבער זיינע בלעטער ווי אַ לעבעדיקע סטאַטוע.

און נאָך אפילו מער: עס קומט אַרויס אַן אייגנ־אַרטיקע, אַ רילקע'שע גאָט־געשטאַלט. עס איז ניט דער גאָט פון איד אָדער קריסט אָדער מאַהמעדאַנער. עס איז אויך ניט דער גאָט אָדער געטער ווי מיר קענען זיי פון די פילאָזאָפישע סיסטעמען. אַ נייער ג אָ ט־ ט ע ם פילט זיך פון רילקע'ס לידער, אַ נאָך ניט געווע־זענער, גראַדע ווי עס אַנטפּלעקט זיך אונז אַ נייער געשמאַק אויף דער צונג, פון אַ פרוכט וואָס מיר האָבן פריער ניט געקענט. אין אַ גוואַלטיגן פאַרזוך דאָס אי־בערדיכטערישע אין דיכטערישער פאָרם צו פאַנגען האָט רילקע געגעבן אַ נייע שאַטירונג פון דעם גאָט־געפיל, אַ נייע רעליגיעזע דערפאַרונג.

אין דעם „שטונדענבוך" האָט רילקע זיין גרויסע געטליכע שירה געזונגען. אין דעם דאָזיקן בוך זעען מיר נאָכאַמאָל, ווער ווייס אויב ניט צום לעצטן מאָל, אויפבליצן די אַלט־פאַרלאָרענע קונסט פון ביבלישער אַרט. עס איז די שפּראַך, עס איז דער סטיל, עס איז די וויזיע פון יענע זעער וואָס האָבן די וועלט־געטער געשאַפן. ווען דער היינטיקער מענטש וואָלט נאָך געהאַט הייליקייטן וואָלט דאָס „שטונדענבוך" אַ הייליק בוך, אַ ספר געוואָרן. ווען דער מאָדערנער מענטש וואָלט געדאַווענט, וואָלט דאָס „שטונדענבוך" זיין סידור געווען.

ניט געקניט און ניט געבויגן, ניט איינגעשראָקן און ניט איינגעשרומפּן שטייט רילקע פאַר זיין גאָט. עס איז ניט אַ גאָט פון זינד, פון תשובה און תפילה און חרטה. עס איז ניט קיין אויבערהאַר איבער די וועלטן. עס איז ניט דער גאָט קעגן וועמען פּראָמעטעאוס שטורמט און פלוכט; עס איז ניט דער גאָט קעגן וועמען איוב ליגט מיטן פּויסט צום הימל און מיטן פּנים צו דער ערד; עס איז ניט דער גאָט וואָס פּאוסט און שטן ווילן איבערקליגלען. עס איז אַ גאָט — אַן אייגענער אַ נאָענטער, וואָס לאָזט זיך ריידן, כאָטש ער ענט־פערט ניט. גאָט און מענטש זיינען ביידע גלייך: איי־נער איז האַר און בעטלער, דער צווייטער — בעטלער און האַר. דער אונטערשייד איז סוף־כל־סוף גאָרניט. ווי אַ גלייכער מיט אַ גלייכן וואוינט מענטש מיט גאָט אין איין קוואַרטיר — די וועלט. און מען וואוינט צימער צו צימער, טיר קעגן טיר. און ווען עס ווערט לאַנגווייליק, דעם מענטשן אָדער גאָט, קלאַפּט מען זיך איבער דורך דער וואַנט און מען צעשמועסט זיך וועגן — גאָט און וועגן מענטש, וועגן אַנהייב און וועגן סוף. און דער טאָן פון די טענות און מענות איז דער טאָן פון אַ שמועס ביי אַ קאַפע טישל. ניט ווייל גאָט איז קלענער געוואָרן, נאָר ווייל דער מענטש איז גרע־סער געוואָרן. און אין אָט די געמיטלאכע געשפּרעכן, געפירט אָפט שפּילעריש קאַלט, אָפט אין טראַציקער פּיעטעט, בליצט רילקע מיט געדאנקן און שיינקייטן, פון וועלכע גאָט אליין מוז אויפשפּרינגען אין באַ־וואונדערונג.

קלאַפּט מענטש צו גאָט אין טיר:

Du, Nachbar Gott, wenn ich dich manches Mal
in langer Nacht mit hartem Klopfen störe,—
so ists, weil ich dich selten atmen höre
und weiss: Du bist allein im Saal.
Und wenn du etwas brauchst ist keiner da,
um deinem Tasten einen Trank zu reichen,
ich horche immer. Gib ein kleines zeichen.
Ich bin ganz nah.
Nur eine schmale Wand ist zwischen uns,
durch Zufall; denn es könnte sein:
ein Rufen deines oder meines Munds—
und sie bricht ein
ganz ohne Lärm und Laut.

עס זיינען פֿאַראַן אין דעם „שטונדענבוך" שורות
וואָס וואָיען ווי עלנדע הינט אין ווינטער נאַכט, און
שורות וואָס שמייכלען ווי קינדער אין היילנדן שלאָף;
שורות וואָס שליידערן די וועלט גאָט אין געזיכט אַריין,
און שורות וואָס זויגן זיך אַריין אין גאָט ווי אַ טראָפּן
וואַסער אין גליענדן שטיין; שורות פֿון הויכע פֿעלזן
אין בלויע רוימען אויסגעזונגען, און שורות פֿון דעם
שוואַרצן חלל פֿון אָפּרונטן אַרויפֿגעשריען. אָבער דאָס
זיינען די צווישן־טענער. דער הויפּט־טאָן איז די מאָדנע
געמיטלאַכקייט פֿון מענטש צו גאָט, אין וועלכער עס
איז פֿאַראַן אי פֿרומקייט, אי טראָציקייט, אי פֿאַרערונג,
אי פֿאַרוואורף, אי פֿייערלאַכקייט אי שטילע איראָניע.

Du bist der Wald der Widersprüche.
Ich darf dich wiegen wie ein Kind,

Und doch vollziehn sich deine Flüche
die über Völker furchtbar sind.

עס איז אַ מערקווירדיקע קונסט אַזוי וואונדערלאך צענויפצעוועבן קודש און חול. דעם טאָן פון היימישער גוטברודערלאכקייט וועבט רילקע איין אין גאָט-בילדער און גאָט באַגריפן פון גראַנדיעזער ערפורכטיקייט, בילדער און באַגריפן גלייך צו די פייערלאכסטע אויסדריקן אין די טיפסטע ריליגיעס. אין די דאָזיקע בילדער און באַגריפן איז צענויפגעשמאָלצן די קילקייט פון דעם וויסנשאַפטסמאַן, די טיפקייט פון דעם פילאָזאָף און די בלענדנדיקע פאַנטאַזיע פון דעם דיכטער. ביז עס באַקומט זיך אַ טעם וואָס איז נאָך ניט געווען אין דער ליטעראַטור. און דורך דעם גאַנצן איז א לייטמאָטיוו איינגעוועבט, א וועלט-אָנשויאונג פון אַ מין — צוויי-איינקייט, אַ צוויי-איינקייט פון גאָט-מענטש אָדער מענטש-גאָט: איינער איז אָפּהייננגיק אין צווייטן, איינער איז אַ באַדינג פאַרן צווייטן, צום גוטן און צום שלעכטן: איינער איז דאָס אויג — דער אַנדערער זיין שיין; איינער די פליגל, — דער אַנדערער איר פעדער; איינער די האַלדז — דער אַנדערער דער מילשטיין אויף איר. וואָרים גאָט און מענטש זיינען זיך-דערגענצונג, זיי זיינען זיך אויך שטערונג: עס וואָלט גאָט אָן דעם מענטשן בעסער און ערגער געווען, און דעם מענטשן אָן גאָט.

Was wirst du tun, Gott, wenn ich sterbe?
Ich bin dein Krug (wenn ich zerscherbe?)
Ich bin dein Trank (wenn ich verderbe?)
Bin dein Gewand und dein Gewerbe,

mit mir verlierst du deinen Sinn.
Nach mir hast du kein Haus, darin
dich Worte, nah und warm, begrüssen.
Es fällt von deinen müden Füssen
die Samtsandale, die ich bin.
Dein grosser Mantel lässt dich los.
Dein Blick, den ich mit meiner Wange
warm, wie mit einem Pfühl, empfange,
wird kommen, wird mich suchen, lange—
und legt beim Sonnenuntergange
sich fremden Steinen in den Schoss.
Was wirst du tun, Gott? Ich bin bange.

און

Dein allererstes Wort war: Licht:
da ward die Zeit. Dann schwiegst du lange.
Dein zweites Wort war Mensch und bange
(wir dunkeln noch in seinem klange)
und wieder sinnt dein angesicht.
Ich aber will dein drittes nicht.

און צו אָט דעם גאָט האָט זיך רילקע צו קאָפּנם געזעצט. ער האָט זיך אין אים פאַרזונקען ווי אין אַ מאָנאַסטיר און פון דאַנען, דורך אַן אויג פון גאָט, געקוקט אויף דער מאָדערנער שטאָט און זי — געשטראָפט. דאָס דריטע בוך פון דעם „שטונדענבוך“ איז אינגאַנצן דער שטאָט געווידמעט. עס איז אַ הערליכע עלעגיע, עס איז אַ נייע „איכה ישבה בדד העיר“. עס איז ניט קיין געוויין און ניט קיין געבעט, ניט קיין פּראָטעסט און ניט קיין פלוך. עס איז אַ געזאַנג פון אָנמעכטיגן מיטלייד, פון שטילן רעזיגנירטן רחמנות,

עס איז אַ פירכטערלאַך קלאָגליד אויף דער נשמה וואָס די שטאָט האָט פאַראַטן און צו פאַרדאַרבונג איבער־געגעבן.

„פאָן דער אַרמוט אונד פאָם טאָדע" הייסט דאָס דאָזיקע בוך. ניט מיט דער פילקייט פון זאַכן מעסט זיך רייכקייט, נאָר מיט דער פולקייט פון נשמה. און די גרויסע שטאָט איז פול מיט אָרימקייט כאָטש פול מיט פאַרמעגן, און פול מיט טויט כאָטש פול מיט באַלעבעטקייט. וואָרים אַ גרויסער בר־מינן ליגט אין שטאָט. ער פילט אָן די גאַסן און די הייזער, די בעטן און געלעגערס, די טעפּ און די כלים, די קעשענעס און די בליקן, די אויערן, די מיילער, די הערצער — דער גרויסער מת, דער גרויסער טויטער, וואָס איז אין שטאָט געשטאָרבן — די מענטשלאַכע נשמה. נישט נאָר דאָס לעבן, דער טויט איז דאָרט אויך געשטאָרבן. „ווער גיט נאָך היינט עפּיס פאַר אַ גוט־אויסגעאַרבעטן טויט ? — פרעגט בריגע אין זיינע ‚אויפצייכנונגען' — קיינער ניט. אפילו די רייכע, וועל־כע קענען זיך דאָך פאַרגינען אויספירלאַך צו שטאַרבן, הויבן אָן נאַכלעסיק און גלייכגילטיק צו ווערן ; דער וואונטש אַן אייגענעם טויט צו האָבן ווערט אימער זעלטענער. נאָך אַ ווײַלע און ער וועט פּונקט אַזוי זעלטן זיין ווי אַן אייגן לעבן". אַזוי קלאָגט דער העלד אין רילקע'ס „אויפצייכנונגען", וואָס זיינען אינגאַנצן אַ גרויזאַמע אָנקלאַגע און אַ שווידערלאַכער פּסק־דין אויף דער היינטיקער איבערגעוואקסענער, איבערטרי־בענער גרויסשטאָט. און דאָס איז אויך דער מאָטיוו אין דריטן טייל פון דעם „שטונדענבוך". די שטאָט איז—

אומנאַטור. זי איז פול מיט ביליגן גלאַנץ, מיט ליידיקן ליאַרם, מיט זינלאָזן געיעג, מיט פאַלשער מינע, מיט ליגנערישער מאַסקע און מיט קאַרבאָל-געשטאַנק. דער שטאָטמענטש האָט פאַרלאָרן די נאַטירלאכע פאַרהעלטניש צו דער וועלט. אַמאָל איז עס געווען מענטש און שעפער, היינט איז עס מענטש און מאַשין; אַמאָל איז עס געווען מענטש און וועלט, היינט איז עס מענטש און סחורה. די היינטיקע שטאָט פאַרטיפט ניט — זי קערט אוים די נשמה אויף דרויסן און ליידיקט און טריקנט זי אוים.

איז דער מענטש אין איר אָרים געוואָרן, כאָטש אין זיינע אָדערן פליסט ניט מער קיין בלוט נאָר גאָלד. און עס וויינט איבער אים רילקע:

Denn dein ist nichts, so wenig wie des Windes
und deine Blösse kaum bedeckt der Ruhm;
das Alltagskleidchen eines Waisenkindes
ist herlicher und wie ein Eigentum.

Du bist so arm wie eines Keimes Kraft
in einem mädchen, das es gern verbürge
und sich die Lenden presst, das sie erwürge
das erste Atmen ihrer Schwangerschaft.
Und du bist arm: so wie der Frühlingsregen,
der selig auf der Städte Dächer fällt,
und wie ein Wunsch, wenn Sträflinge ihn hegen
in einer Zelle, ewig ohne Welt.
Und wie die Kranken die sich anders legen

und glücklich sind; wie Blumen in Geleisen
so traurig arm in irren Wind der Reisen;
und wie die Hand in die man weint, so arm....
Und was sind Vögel gegen dich, die frieren,
was ist ein Hund, der tagelang nicht frass,
und was ist gegen dich das Sichverlieren,
das stille lange Traurigsein von Tieren,
die man als Eingefangene vergass?

דער געדאַנק וועט, מיט אַ קורצן שפּרונג, דעם דאָזיקן מאָטיוו וועלן פֿאַרבינדן מיט דער אַנטי-קולטור שטרעמונג פֿון טאָלסטאָי און רוסאָ. אָבער וואַרהאַפּטיק, דער געדאַנק דאַרף גיין אַ סך ווייטער צוריק צו געפֿינען אַ גלייכן צו דער גראַנדיעזער שטאָט-זעאונג, וואָס איז אַנטפּלעקט אין דעם דאָזיקן בוך. ער וועט דאַרפֿן גיין צו די זעאונגען וועגן סדום און נינוה און בבל. וואָרים אין דעם „שטונדענבוך" האָט נאָכאַמאָל דער נביא׳ישער סטיל אין אונזער צייט אויפֿגעבליצט.

און אַזוי איז רילקע געווען דאָס קראַנקע קינד פֿון זיין עפּאָכע, קראַנק מיט דער אונטערגאַנג פֿון זיין אַדל-שטאַם, קראַנק מיט דעם שטאַרבן פֿון אַ וועלט-פּסיכאָלאָגיע. און דם קראַנקן ציט צום טויט, ווי דעם שטיין צו דער ערד. און דער טויט איז רילקע׳ס נאָענטסטער בוזים-פֿריינט געווען. פֿיר גרויסע געזאַנגען האָט ער דעם טויט געווידמעט, און פֿיל קליינע וואָס זיינען אויך גרויס. און צווישן די אַלע גרויסע לעבנס-ווערטן וואָס זיינען אין אונזער צייט אונטערגעגאַנגען האָט רילקע אויך באַוויינט דעם אונטערגאַנג פֿון דעם גרויסן — טויט. פֿריער איז עס אַנדערש געווען

מיט׳ן טויט, באַדויערט בריגע אין די „אויפצייכנונ־
גען״: פריער האָט מען געוואוסט, אַז מען האָט געהאַט
אין זיך דעם טויט ווי די פרוכט דעם קערן. די קינדער
האָבן געהאַט אַ קליינעם אין זיך און די דערוואַק־
סענע אַ גרויסן. און דאָס האָט איינעם צוגעגעבן אַן
אייגנטימלאכע ווירדע און אַ שטילן שטאָלץ... אויף
מיין זיידן האָט מען דערקענט אַז ער האָט געטראָגן
אין זיך אַ טויט... דאָס לאַנגע, אַלטע הערן־הויז איז
געווען צו קליין פאַר דעם דאָזיקן טויט, און עס האָט
זיך געדוכט, אַז מען מוז פליגל צובויען...״ אָבער דער
טויט פון דעם היינטיקן מענטשן איז „באַנאַל, אָן אַלע
אומשטענדן״. און ווי האָט רילקע געבעטן:

O, Herr, gieb jedem seinen eignen Tod,
das Sterben, das aus jenem Leben geht,
darin er Liebe hatte, Sinn und Not.
Denn wir sind nur die Schale und das Blatt.
Der grosse Tod den jeder in sich hat,
das ist die Frucht, um die sich alles dreht.

דער טויט איז ניט אַפּשלוס, נאָר דערפילונג, די
הויכע דערגרייכונג, דער גרויסער אידעאַל פון לעבן.
גרויסער טויט איז אַ באַווייז אויף גרויסן לעבן; מי־
זערנער טויט איז באַווייז אויף מיזערנעם לעבן. און
דער מאָדערנער טויט איז — קליין און מיזערנע.

ביי אַזאַ דיכטערישן טאָן ווי עס האָט געקלונגען
אין רילקע׳ן איז עס נאַטירלאך אַז ער זאָל האָבן אַ
טיפערע באַציאונג צו זיין קונסט ווי די מאָדערנע צייט
מיט איר לייכטקייט און ליבשאַפט פאַר ליאַרם,
האָט געשאַפן. און זיין באַציאונג איז געווען — אַ

פרומע, די דיכטונג איז פּאַר רילקען אויך, ווי קינדהייט און פּאַלקטום, אַ מדרגה נעענטער צו גאָט. דיכטונג איז אַ שעפּעריש־הייליקער אַקט.

„אַך מיט פּערזן מאַכט מען דאָך אַזוי ווייניק ווען מען שרייבט זיי פרי. מען דאַרף וואַרטן דערמיט און זין און זיסקייט קלייבן אַ גאַנץ לעבן לאַנג, און דאַן, גאַנץ צום שלום, פילכייט קען מען דאַן צען ציילן שרייבן וואָס זיינען גוט... צוליב איין איינציקן פּערז מוז מען פיל שטעט זען, מען מוז פילן ווי די פויגל פליען, און די מינעס וויסן מיט וועלכע די קליינע בלומען מאַכן זיך אויף אין פרימאָרגן... מען מוז דערינערונגן האָבן פון ליבעסנעכט... אויך ביי שטאַרבנדע מוז מען געוועזן זיין, ביי טויטע געזעסן האָבן... ערשט דאַן קען עס געשען, אַז אין זייער אַ זעלטענער שטונדע זאָל דאָס ערשטע וואָרט פון אַ פּערז אויפשטייגן...“

אָט דאָס דאַרף זיין, נאָך רילקע'ן נאָך, די פּאָעזיע. האָט עמיצער ווען אַ מער עקזאַלטירטע, אַ הייליקערע פּאַרשטעלונג פון דער קונסט געהאַט ? די קונסט נעמט ניט אָן קיין ווערק אָן פרומקייט ווי גאָט נעמט ניט אָן קיין תפלה ניט פון האַרצן.

און נאָר מיט אָט דער פרומיקייט צו דער קונסט האָט רילקע געקענט אויפטאָן דאָס וואָס אַ דייטשער קריטיקער האָט ווענן אים אַזוי שיין געזאָגט, אַז ער האָט — צום ערשטן מאָל דאָס דייטשע געדיכט פּאָלקאָם געמאַכט. רילקע'ס ליד איז געוועזן אַזוי פּאָלקאָם ווי אַ טרער אויף אַ קינדערשן אויג — אַזוי רונד, אַזוי ריין, אַזוי אויפריכטיק און אַזוי רירנד.

דאָס איז געווען דאָס ליד פון רילקע'ן, דעם פּאָעט און נזיר. וואונדערבאַר אויפגעפּאַסט איז רילקע'ס וועזן אין דעם ביוסט פון פּריץ הוף: אַ געזיכט מיט פאַר־מאַכטע אויגן — אַ מין נשמה אָן פענסטער, אַ נשמה פול מיט איר אייגענעם ליכט וואָס שיינט אויף אינווייניק. און דאָס ליכט איז דאָס ליכט פון אַ פרומען נר־תמיד, וואָס ברענט זיך שטיל אָבער — אייביג.

# בערנאַרד שאָ —
# זשעני און קלאָון

בערנאַרד שאָ'ן האָבן די געטער אַ מאָדנעם מזל באַשערט. אַ סך גרויסע מתנות האָבן זיי אים גע־שיינקט, און געשיינקט מיט אַ פולער האַנט. זיי האָבן פאַר אים געעפנט דעם אוצר פון געלעכטער און גע־זאָגט: נאַ, נעם וויפיל דו ווילסט; זיי האָבן אים אַריינגעפירט אין די שפייכלער פון גליענדיקן פאַטאָס: שאַר דיר אָן פולע הויפנס; זיי האָבן אים אַריינגע־בראַכט אין די קעלערן פון פראַסטיק־קלאָרער לאָגיק — לייג דיר אָן אַ פולן רייזע־זאַק; זיי האָבן פאַר אים אויפגעשלאָסן די אַרסענאַלן פון קינסטלערישע געצייגן און פאַר אַ פעדער אים אַ שפּיציקע שווערד אין האַנט געגעבן. אַלץ פון דעם שענסטן און בעסטן. נאָר איין טירעלע האָבן זיי פאַר אים געלאָזט פאַרשלאָסן, איין געהיימע קעמערל האָבן זיי פאַר אים ניט געעפנט: דאָס קעמערל וואו עס ליגט דער סוד פון קינסטלערישן חן, די געהיימנים פון פיינעם געשמאַק, פון קינסטלע־רישן באַלאַנס, פון איידעלער, קינסטלערישער וואָג און מאָס.

ווער קען זיך פאַרגלייכן מיט שאָ'ן אין וויץ, ווער קען אים איבערשטייגן אין שאַרפזין, ווער האָט פאַר־

מאַנט אַ לעבעדיקערע, באַוועגלאַכערע פאַנטאַזיע ווי ער, אָדער אַ מער שניידיקן, אַ מער בייסיקן סטיל? שאָ'ם פלאַץ איז אָן ספק אויבן־אָן צווישן די סאַטיריקער פון דער וועלט. אין בלויזער קראַפט פון וויציקייט שטייט ער אפשר דער ערשטער אין דער ריי. עס איז אין אים פאַראַן מער וויץ „פּער סקווער אינטש" ווי ביי יעדן אַנדער מייסטער פון דעם זשאַנר. עס איז אים אָפּטמאָל שווער צו לייענען לאַנג נאָכאַנאַנד — אַזאַ גרויסע אָנשטריינגונג איז עס פאַר'ן מוח נאָכצופאָלגן די זיגזאַגן פון זיין הומאָר און אויפכאַפּן די מיליאָנען נואַנסן וואָס שפּילן אייביק אין זיין שפּראַך. זיין בוך „האַרטברעיק האוז" האָט אפשר אין דעם פּרט קיין גלייכן ניט צו זיך. עס איז אַ בוך אויפגעביטשט פון בליצן. יעדעס וואָרט אַן איבעראַשונג, יעדע שורה אַן עלעקטרישער ציטער. עס איז אַ בוך וואָס איז קלוג ביז משוגעת.

וואָס וואָלט שאָ ניט געקענט אויפטאָן מיט אַזאַ כח, וואָס וואָלט ער ניט געקענט באַווייזן מיט אַזאַ טויטלאַכן כלי־זין אין האַנט? וואָרים וואָס איז נאָך טויטלאַכעד ווי אַ גיפטיקער וויץ, וואָס איז נאָך שטאַרקער ווי חוזק און שפּאָט, וואָס ניט נאָר מענטש, נאָר הונט קאָרטשעט זיך איין אונטער אים?

אָבער די געטער זיינען אייפערזיכטיק. די אומשטערבלאַכע פאַרטראָגן ניט קיין פאָלקאָמענהייט צווישן די שטערבלאַכע און זיי האָבן דעריבער אין שאָ דעם זשעני אַריינגעטריפט אַ „בלוטסטראָפּן", אַריינגעוועבט אַ קליין אָדערל פון דעם — קלאָון.

האָט זיך באַקומען אַ דערשיינונג וואָס איז אפשר איינציק אין איר מין אין דער געשיכטע פון דער ליטעראַטור:

עס שרייבט אַ מענטש מיט אַ געניאַלן וויץ, מיט אַ געוואַלטיקער קראַפט, מיט אַ מעכטיקן פּאַטאָס, מיט אַן עקזאַלטירטער באַגייסטערונג און איבערציי־גונג, אָבער...

אָבער מען גלויבט אים ניט. מען נעמט אים ניט ערנסט.

„איז שאַ אויפריכטיג? קען מען שאָ'ן נעמען ערנסט?" — אָט דאָס איז די פראַגע וואָס מען האָט שטענדיק אַרויסגעשטעלט געגען אים. האָט מען אַזאַ פראַגע ווען עס איז געשטעלט וועגן אַן אַנדער קינסט־לער? האָט מען אַזאַ פראַגע געהערט, ניט נאָר וועגן די גרויסע טראַגיקער, נאָר אפילו וועגן די גרויסע קאָמעדיער, וועגן די מייסטער פון שאָ'ם אייגענעם שניט, וועגן מאַרק טווען, וועגן דיקענס, וועגן אַנאַ־טאָל פראַנס, וועגן מאָליער, וועגן אַריסטאָפאַנעס?

און האָט מען וועגן שאָ'ן אַזוי געקענט פרעגן און אַזוי געפרעגט דאַן איז שוין זיין גאַנצע קינסטלע־רישע מי געווען האַלב אומזיסט. ווארום קונסט איז איידעלע אילוזיע, און ווערט די אילוזיע אויף איין אויגנבליק, אויף אַ פינטל צושטערט הערט אויף איר כח. עס איז דאַך באַקאַנט: דער קיסר טאָר זיך ניט ווייזן פאַר זיינע אונטערטאַנען אַ נאַקעטער.

האָט מען דעריבער שאָ'ן געלייענט, מען האָט גערן געזען זיינע בינען־ווערק, מען האָט זיך אונטער־האַלטן מיט זיינע גלייכווערטלאַך, מען האָט געלאַכט

פון זיין וויץ, אָבער דער גיפט, דער גיפט אויפ׳ן שפּיץ פון זיין שווערד האָט פאַרלאָרן זיין ווירקונג.

אומעטום האָט דער קלאון אַרויסגעשטעקט זיין שפּיציק היטל און זיין געפּאַרבטע נאָז שאָ׳ן הינטער דער פּלייצע. שטענדיק האָט עפּעס אומשיינעס, עפּעס אומעסטעטישעס געשוועבט אַרום דער פּייער־קרוין איבער שאָ׳ם קאָפּ. נעמט צוערשט זיינע ביכער: מיאוס׳ער געדרוקטע ביכער איז גאָר שווער זיך פאָר־צושטעלן. עפּעס אַ חושך קוקט אייך אַנטקעגן פון די בלעטער, פון דעם זאַץ, פון דעם דרוק — אַ חושך און אַ פאַרלאָזטקייט. אויף אַן אויסשטעלונג פון גע־שמאַקלאָזער דרוק־אַרבעט וואָלטן שאָ׳ם ביכער גע־וואונען די העכסטע אויסצייכענונג. דאַן נעמט די נע־מען פון זיינע העלדן: פּטאַטאַטיטאַ, דאָדשאָן, ברעם־באונד, האָטשקים, בלאַנקא פּאָסנעט, בוירדזשעם, סטרעיקער... אפילו דעם צאַרטן דיכטער־אינגל אין „קאַנדידאַ" האָט ער אַ נאָמען געגעבן — מאַרטשבענקס. זיי קריצן, די נעמען, און טוען וויי, אַזוי ווי דאָס שניידן פון גלאָז, אַזוי ווי שטיינדלאך וואָלטן זיך געקייקלט אויפ׳ן מח. הומאָריסטן האָבן אַלעמאָל ליב צו געבן זייערע העלדן קאָמישע נעמען; עס איז אַ מיטל פון זייער הומאָר, אָבער זיי גיבן אַריין אין די נעמען אַ גע־וויסן וואוילקלאַנג, עפּעס מוזיקאַלישעס וואָס פאַרוויי־בערט זיי. „פּיקוויק" איז אַזוי פיל מוזיקאַלישער ווי „סטרעיקער" ווי אַן אַריע איז שענער ווי דזשעז. אָבער דערדאָזיקער וואוילקלאַנג איז ניטאָ אין שאָ׳ס ווערק. ער איז אים, פון די גוטע געטער, ניט באַשערט געוואָרן.

שאָ׳ם נעמן זיינען דער ערשטער אָנזאָג פון דזשעז אין דער מאָדערנער ליטעראַטור.

עפּעס פון דזשעז איז פאַראַן אפילו אין דער סאַמע עסענץ פון זיין הומאָר און וויץ. ווען מען זאָל וועלן פאָרשטעלן אין אַ סקולפּטור־פאָרמע דעם וועזן פון דעם געניאַלן סאַטיריקער וואָלט מען אים, דאַכט מיר, געדאַרפט פאָרשטעלן ווי אַ גראַציעזן שיסער וואָס שיקט פון ווייטנס פלינקע פיילן אין זיין קרבן. אָבער שאָ׳ן קען מען זיך ניט אַזוי פאָרשטעלן. שאָ גייט שטענדיק אַרוים פאַר דער פאַנטאַזיע ווי אַ פּרייז־קעמפער אין דעם קאַמפּס־רינג, און אַ פּרייז־קעמפער מיט „נאַקעטע ביינדלאך". אַן אַנדערנס וויצן זיינען דינע שפּילקעס, שאָ׳ם זיינען גאַנצע צוועקעס. אַן אַנדערנס סאַטירע איז איינגעוויקלט אין דעם סאַמעט־גלעט פון דער קאַץ, שאָ׳ם סאַטירע איז דער נאַקעטער נאָגל פון דעם בער. שאָ וויגט זיך אייביק צווישן הומאָר און פאַרס, צווישן סאַטירע און בורלעסק, און זעלטן געלינגט עס אים זיך אַריבערצובויגן אויף דער רעכטער זייט.

נאָר אין ערגעץ האָט זיך דערדאָזיקער דיסאָנאַנס ניט געפּילט אַזוי פּיינליך ווי אין זיין אייגענשאַפט פון זעלבסט־באַרימעריי.

מערקווירדיג. שאָ וואָס האָט געהאַט אַזאַ געשיקט אויג אויפצוכאַפּן דעם קאָמיזם אין אַנדערע האָט ניט געקענט זען דעם קאָמיזם אין זיך אַליין. וואָס איז נאָך אַזאַ רייכער קוואַל פון הומאָר, פון קאָמיזם און פאַרס ווי — אָנשטעל, ווי באַרימעריי, ווי זעלבסט־

איינריידעניש? אין דער קינסטלערישער ליטעראַטור אַזוי גוט ווי אין דער פֿאָלקס-דיכטונג איז שטענדיק דער באַרימער געווען לעכערלאַך. אין אידיש האָט עס געהייסן: אַ באַרימער איז גוט צו שמייסן. וואָס זיינען דען דאָן קיכאָט, פֿאָלסטעף, טאַרטיף, רעוויזאָר, מנחם-מענדל, דאָס קליינע הינטל וואָס בילט אויפ׳ן העלפאַנט, די פליג וואָס אַקערט ביים אָקס אויפן האָרן, וואָס זיינען זיי אויב ניט די גרויסע באַרימער, באַשעפענישן פון גרויסן אָנשטעל? שאַ אַליין האָט געפונען אַ טייפעלשן נחת אין לעכערליך מאַכן באַרימערייען און באַרימטקייטן: דעם מיליטערישן אָפּגאָט (אין „אַרמס ענד דהי מען"), יוליוס צעזאַר, קלעאָפּאַטרא, נאַפּאָלעאָן, די הייליגע יאַאַנא. נאָר אויף זיך אַליין האָט ער זיין אייגענעם שפיגל ניט געוואָוסט אָנצושטעלן.

געוויס, שאָ האָט אודאי געהאַט מיט וואָס זיך איבערצונעמען. אָבער קיינער קען ניט זיין אַזוי גרויס אַז ער זאָל ניט קענען ווערן לעכערלאַך. געגן קאָמיזם זיינען ניטאָ קיין העלדן. גאָט אַליין האָט שוין ניט איינמאָל געטראָטן די ברעטער פון אַ קאָמעדיען-טעאַטער...

אָבער שאָ האָט געוואָגט אַריינצולויפן וואו געטער האָבן זיך געשראָקן שטיל צו טרעטן. זיין בעסטן טאַלאַנט האָט שאָ באַנוצט אויף זעלבסט-רעקלאַמע. שאָ דער זשעני האָט געדונגען שאָ דעם קלאָון פאַר זיין פּרעס-אַגענט.

און שאָ דער קלאָון האָט אָנגעטאָן שאָ׳ן דעם זשעני אַ מיצל מיט גלעקלאַך אויפ׳ן קאָפּ, אים אַרויפּ-

געזעצט אויף אַ וועגעלע און אים אַרויסגעפירט אין מיטן האַיד פּאַרק און אים געלאָזט אויסטרומייטערן און שרייען:

„פאַרוואָס זאָל איך דינגען עמיצן אַנדערש מיך צו לויבן אַז איך קען זיך אַליין לויבן?... ברענגט מיר אייער בעסטן קריטיקער און איך וועל אים דעם קאָפּ אַראָפּקריטיקירן... דאָס ביסל פילאָזאָפיע וואָס מיינע קריטיקער קענען האָבן זיי דאָך אין מיין „קווינטעסענץ פון איבסעניזם" געלערנט... ניט שאָפּענהאַוער האָט זיי געלערנט נאָר בערנאַרד שאָ... מען זאָגט מיר אַז יענער און יענער שרייבט ניט קיין פאָרעדעס און איז דאָך ניט קיין שאַרלאַטאַן. נו, בין איך יאָ אַ שאַרלאַ-טאַן... יענע שרייבן ניט — ווייל זיי קענען ניט... און איך שרייב ווייל איך קען... איך וואָלט מוחל געווען שעקספּירן אַ האַלב טוץ דראַמעס פאַר איין פאָררעדע וואָס ער האָט געדאַרפט שרייבן... איך לאָז די איידעלע עניוות פאַר אַנדערע... מיר גיט דעם וואָגן און טראָמ-פּיט" (פאָררעדע צו די „דריי פּיעסן פאַר פּוריטאַנער").

און אַ לעבן לאַנג איז שאָ אַרומגעפאָרן אויפ'ן וועגעלע איבער די גאַסן און אַ לעבן לאַנג האָט ער אָפּגעטרומייטערט וועגן זיך, וועגן זיין חוצפּה, וועגן זיין חכמה, וועגן זיין קלוגן קאָפּ. אפילו אין זיין רע-דע צו זיין זיבעציג-יעריקן יובילייי האָט ער ניט פאַר-געסן אויסצולאָזן דעם פּזמון: „אַלע ווייסן אַז איך בין זייער אַ קלוגער חברה-מאַן".

אַזאַ גלענצענדן עקספּאָנענט פון דער רעקלאַמע האָט אפילו אַמעריקע ניט אַרויסגעגעבן. שאָ אַמערי-

קאַנערט אפילו אַריבער די אַמעריקאַנער. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואָס די אַמעריקאַנער זיינען געווען די ערשטע די דאָזיקע איידעלע אייגנ־שאַפט אָפּצושאַצן. ווי באַוואוסט האָט שאַ זיין ערש־טע אַנערקענונג געפונען אין אַמעריקע. אַמעריקע וואָס אַנטדעקט קיינעם ניט, האָט אַנטדעקט שאָ׳ן. מין האָט זיין מין געפונען. און ביז היינטיקן טאָג האָט שאַ די צווייפעלהאַפטע אויסצייכענונג וואָס זיינע פּיעסן גייען כמעט קיינמאָל ניט אַרונטער פון דער אַמעריקאַנער בינע.

„אין ענגלאַנד אַזוי ווי איבעראַל — שרייבט שאַ אין איין אָרט — געפינט זיך נאָר אַ קליינער הייפל וואָס אַנערקענט אַן אמת גרויסן מענטשן, און ביז וואָס וואָס־ווען מוז יענער עסן שטיינער פאַר בּרויט. דאָס מיטל געגן דעם איז זיך פליסיג רעקלאַמירן, און דע־ריבער האָב איך זיך אַזוי גוט רעקלאַמירט, אַז איך בין געוואָרן כמעט אַזאַ לעגענדאַרישע פּערזאָן ווי דער פליענדער האָלענדער“.

וואָס מיינט אַזאַ „פּרינציפּן־דערקלערונג“ ?

נאָר איינס פון די ביידע: ענטוועדער דאָס איז אמת, אָדער דאָס איז פּאַראַצטווע. אין ביידע פאַלן — ניט מאָראַליש, ניט שיין, ניט עסטעטיש, ניט קינסטלעריש.

דזשעז און רעקלאַמע.

בערנאַרד שאַ האָט געוויס דערגרייכט זיין ציל. ער האָט אַרומגעקליבן אַרום זיך די „אומגעהויערע מאַיאָריטעט“ וואָס ער האָט געזוכט. אָבער וואָס פאַר

אַ פּרייז האָט ער באַצאָלט! דער צוויבער איז אַוועק, דער ערנסט איז פאַרשוואונדן. מען האָט געלייענט זיינע ווערק ניט צו לערנען, נאָר צו זען ווי שאָ „גיט אַ גאָב“. מען איז ניט געקומען אין זיין טעאַטער זיך דערהויבן, נאָר זיך פאַרווײַלן מיט אַ גוטן וויץ. ניט צו נעמען אים ערנסט, נאָר צו אונטערהאַלטן זיך ביי אים. שאָ איז געוואָרן דער לץ פון דעם קליינבירגערטום, דער הויפנאַר פון דער בורזשואַזיע.

אָבער דער שאָדן איז געווען גרויס ניט נאָר פאַר שאָ'ן אַליין נאָר פאַר דער גאַנצער ליטעראַטור. מיט שאָ'ן איז אַריינגעקומען די מאָדע פון דער זעלבסט־רעקלאַמע אין דער ליטעראַטור. ער איז געווען דער ערשטער, ער האָט געוויזן דעם וועג, און קליין און גרויס — קליין נאָך מער ווי גרויס — איז אַוועק אין זיינע טריט, ביז שיער ניט די גאַנצע ליטעראַטור איז דורכגעווערימט פון דערדאָזיקער מיאוס'ער חולאת.

שאָ איז דער פאָטער פון דשעז; שאָ איז דער פאָטער פון דער זעלבסט־רעקלאַמע אין דער ליטעראַ־טור!

און עס געהער אפשר מער צו שאָ'ס טריב נאָך זעלבסט־רעקלאַמע איידער צו זיין גייסטיקן מהות דאָס וואָס ער האָט אייביק אַ קאַמף געפירט מיט גרויסע און גרויסקייט אין דער וועלט־קולטור. עס איז ניטאָ נאָך אַזאַ זיכער מיטל אַרומצוקלייבן אַ רעדל אַרום זיך ווי צו פאַרקאַטשן די אַרבל אין מיטן גאַס און זיך שטעלן שלאָגן, און זיך שטעלן שלאָגן דוקא מיט אַ שטאַרקערן פון זיך, מיט אַן עלטערן און חשוב'רן.

מיט וועמען האָט זיך שאַ ניט פאַרטשעפּעט?
ער האָט זיך געשלאָגן מיט קאַרל מאַרקס'ן אין דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע, מיט דאַרווינען אין דער לערע פון עוואָלוציע, מיט קאַנט'ן אין דער פילאָזאָפיע, מיט שעקספּיר'ן אין דער דראַמע, און מיט יעזוס'ן אין דער מאָראַל. אַפילו מיט גאָט אַליין האָט ער זיך פאַר־מאָסטן און האָט אים, אין „צוריק צו מתושלח", גע־וויזן וואָס פאַר אַ מענטש ער, שאַ, וואָלט באַשאַפן ווען גאָט וואָלט ביי אים ניט אויסגעכאַפּט.

און ווי מיט גרויסע אַזוי מיט גרויסקייט. שאַ האָט אַלע גרויסע מענטשלאַכע סענטימענטן פאַרלאַכט און פאַרשפּאָט, באַשפּיגן און באַ'חוזק'ט: ליבע, פּאָעטישע פאַנטאַזיע, ראָמאַנטיזם, עקסטאַז, גרויס־שווערמעריי. וואָס איז געוואָרן פונ'ם גרויסן רעלי־גיעזן מאַרטירערטום פון די ערשטע קריסטן אין זיין „אַנדראָקלעס און דער לייב"? וואָס האָט ער גע־מאַכט פון דעם בייראָנישן ענטוזיאַזם אין „וואָפן און מענטש", פון דער צעזאַרישער העלדישקייט אין זיין „צעזאַר און קלעאָפּאַטראַ", פון דער נאַפּאָלעאָנישער געניאַליטעט אין דעם „מענטש פון שיקזאַל", פון דער עקסטאַטישער איבערמענשלאַכקייט אין זיין „הייליגער יאָאַנאַ"? ער האָט זיי אַלע פון די וואָלקנס אַרונטערגעשלעפּט און זיי אין שטויב געלייגט, אין שטויב צו די פיס פון דעם המון, צו די פיס פון דעם שמאָלץ־בירגערטום וואָס געפינט אין קיין זאַך ניט אַזאַ הנאה ווי אין אויסלאַכן דאָס גרויסע, ווי אין צו־טרעטן דאָס אומגעוויינלאַכע, ווי אין איזדיקעווען זיך איבער דאָס אויסטערלישע. שאַ'ס חסידים ווערן ניט

מיד לויבנדיג: דאָס האָט שאָ די אַלע העלדן פאַר־מענשלאכט, זאָגן זיי, אַראָפּגעבראַכט אויף דער ערד, — אַזוי ווי מענשלאַך וואָלט נאָר געווען דאָס וואָס קען קוים מיט'ן נאָז דעם טיש דערלאַנגען, און אַזוי ווי די ערד וואָלט נאָר באַלאַנגט צו די וואָס פויזן אין שטויב...

„קאַמאַן סענס", גראַדער מענטשלאַכער פאַר־שטאַנד — אָט דאָס איז דער אָפּגאָט וואָס בערנאַרד שאָ האָט אַרויפגעזעצט אויפ'ן באַרג סיני, פון וועלכן ער האָט אַרונטערגעטריבן אַלע געטער און געטלאַכע. קאַמאַן סענס — נאָר אַזוי פיל סענץ וויפיל אַ ל ע פאַרמאָגן, די פילע, די גרויסע קאָמפּאַקטע מאַסע. דאָס וואָס איז העכער — אַרונטערשניידן, אַראָפּהאַקן.

און דערמיט איז בערנאַרד שאָ דער טיפּישער קליינבירגער, — טראָץ זיין סאָציאַליזם, און דער טי־פּישער קאָנסערוואַטאָר — טראָץ זיין ראַדיקאַליזם. ער איז דער דיכטער פון דער מיטלמעסיקייט.

וואָס איז דער וואונדער, דעריבער, וואָס ער האָט אַזאַ מורא'דיקן קאַמף געפירט געגן שעקספּיר'ן?

דאָס האָט שאָ געפּאָכטן דעם קאַמף פון דער מיטל־מעסיקייט געגן דער געניאַליטעט. שאָ'ס קאַמף געגן שעקספּיר'ן איז פּיליכט דער גרעסטער ליטעראַרישער קריג אין דער געשיכטע. עס איז געווען אַ מלחמה אויף לעבן און טויט. שאָ האָט געפילט אינסטינקטיוו אַז פאַר אים און שעקספּיר'ן צוזאַמען איז ניטאָ קיין פּלאַץ אונטער דער זון, און ער האָט זיינע שאַרפסטע

פיילן, זיינע גיפטיגסטע, זיינע טויטלאכסטע געשאַסן אין דער זון אַריין.

„ווי איר ווייסט — שרייבט בערנאַרד שאָ צו זיי־נעם אַ פריינט — האָב איך לאַנג געשטרעבט צו עפע־נען די אויגן פון ענגלאַנד זי זאָל דערזען די ליידיקייט פון שעקספּיר׳ס פילאָזאָפיע, די אויבערפלעכלאכקייט און צווייט־האַנטיקייט פון זיין מאָראַל, זיין שוואַכקייט און ניט אויסגעהאַלטנקייט אַלס אַ דיינקער, זיין פּוסטע גאווה (?) זיינע וואולגאַרע פאָראורטיילן, זיין אומ־וויסענהייט, זיין אומפייאיקייט"...

„אפילו אַן עסקימאָס וואָלט ניט געקענט אויס־זיצן אין טעאַטער ביי אַ שעקספּירישער שטיק און וואָלט געפאָדערט זיין געלט צוריק" — שרייבט שאָ אין איינער פון זיינע טעאַטער־רעצענזיעס וועגן שעקס־פּיר׳ס אַ דראַמע, איינע פון צענדליקע און צענדליקע אַזעלכע רעצענזיעס, אין וועלכע ער האָט אין פאַרלויף פון יאָרן מיט זיין גלענצענדן וויץ סיסטעמאַטיש טע־ראָריזירט דאָס ענגלישע טעאַטער געגן שעקספּיר׳ס דראַמען.

די דאָזיקע ביטערקייט איז אַ טיף־פּסיכאָלאָגישע, אָבער אַ גרינג פאַרשטענדלאכע. בערנאַרד שאָ איז אַ טעאַטראַלישער מענש אָבער ניט קיין טעאַטער־דיכטער. ער איז טעאַטראַליש אין דעם זין וואָס ער האָט ליב דעם טומל און באַלעבטקייט פון טעאַטער. די טויזנטער אויגן וואָס קוקן, די לאָמפּן וואָס בליצן, די לעבעדיקע שטימען וואָס וויברירן, די אָנגע־שטריינגטע נערוון אין דער אַטמאָספערע, די קלאַפּנ־

דע הערצער, די לעבהאַפטע באַוועגונגען פון טויזענ־טער הענט און פיס. איידער ער האָט עס געפונען אין טעאַטער האָט ער עס געשעפּט מיט אַ פולער האַנט אויף די סאָציאַליסטישע מאַסמיטינגען, אין די פּאַאַביאַנישע דעבאַטן. אין זיינע קלענערע יאָרן איז זיין טעאַטער געווען — אַ פּראָפּאַגאַנדע פּלאַטפאָרמע אויף אַ וועגעלע אין האַיד פּאַרק.

אָבער קיין טעאַטער־דיכטער איז ער ניט, דער שעפער פון טעאַטראַלע פּאַבלען, פון בינען־פּערזענלאַכ־קייטן איז ער קיינמאָל ניט געווען. דערמאָנט זיך: וועלכע פון זיינע דראַמען לאָזן זיך איבערדערציילן אין אַ סיפּור־המעשה? וועלכע פון זיינע דראַמאַטישע פּערזאָנען לעבן מיט אייך, נאָכדעם ווי איר האָט זיי געזען אָדער געלייענט, לעבן מיט אייך אין גייסט אַ לעבן פון בלוט און פלייש, אַלס קאָלעגן, אַלס פריינט אָדער פיינט, אַלס געהאַסטע אָדער געליבטע? קיין איינציקע פּאַבל און קיין איינציקער מענטש. און סוף כל סוף איז דאָס די פּרוב. שאָ איז ניט קיין דראַמאַ־טורג. שאָ איז אַ — זשורנאַליסט. מיט זיין געניאַלן וויץ איז ער אַ געניאַלער זשורנאַליסט. ווען דער אשמדאי וואָלט געוואָרן אַ זשורנאַליסט וואָלט ער געווען אַזאַ זשורנאַליסט ווי שאָ. זיינע פאָררעדעס צו זיינע דראַמען זיינען גלענצנדע אָפּהאַנדלונגען איבער טאָג־פראַגן. און זיינע פאָררעדעס זיינען בע־סער ווי זיינע דראַמען. זיינע דראַמען זיינען נאָר דראַמאַטיזירטע זשורנאַליסטיק. עס איז אַ טעות צו מיינען אַז שאָ האָט געשריבן זיינע פאָררעדעס צוליב דראַמען. דאָס האָט ער געשריבן די דראַמען אַלס

צוזאַצן צו די פאַררעדעס. זיין זשורנאַליסטישע פסי־כאָלאָגיע זעט זיך שוין דערפון אַליין, וואָס ער האָט געטענה׳ט, אַז נאָר טאָג־פראַגן דאַרפן באַהאַנדלט ווערן אין דער דראַמע. דער טאָג, ניט די אייביקייט, „קאַמאָן סענס“ און ניט קיין פילאָזאָפיע! — דאָס איז געווען זיין לאָזונג. שאָ האָט בשום אופן ניט געקענט באַגרייפן אַז האַמלעט׳ס שווערמערייען איבער יאָ־ריק׳ס שאַרבן אויפ׳ן בית־עולם זאָלן זיין אַזוי וויכטיק ווי מרס. וואָרען׳ס געשריי: גוואַלד, וואו נעמט מען אַ מאַן!

ווי האָט אַלזאָ שאָ געקענט הויזן מיט שעקספּיר׳ן? שאָ, וועמעס העלדן זיינען געווען קאַריקאַטורן פון נייסטן נומער וויץ־בלאַט, ווי האָט ער געקענט פאַר־טראָגן שעקספּיר׳ן אויף וועמען העבעל האָט געזאָגט: זיינע העלדן זיינען אַזוי פול מיט לעבנסבלוט אַז יע־דער איינער פון זיי וואָלט געקענט זיין גאַנצע דראַמע דערטרינקען אין בלוט, ווען מען וואָלט אים נאָר איינ־געשטאָכן אַ שפּיץ פינגער...

שאָ, וועלכער האָט נאָר געהאַט איין טעמפּעראַ־מענט, דעם הייסן פּאַטאָס פון קאַלטן וויץ, ווי האָט ער געקענט פאַרטראָגן שעקספּיר׳ן, וועלכער האָט געהאַט אַזוי פיל טעמפּעראַמענטן, אַזוי פיל שאַטירונ־גען פון געפיל און שטימונג אַז ער וואָלט איינער אַליין געקענט אָנשרייבן די גאַנצע ליטעראַטור פון דער וועלט, ווען ער וואָלט נאָר געקענט לעבן לאַנג גענוג!

אָבער שאָ׳ס חלק האָט ער יעדנפאַלס באַוויזן אָנצושרייבן. שאָ זאָגט אין איין אָרט, אַז יעדער קעניג

דאַרף האָבן כאָטש איין אומגעטרייען אונטערטאַן צו האַלטן אים ביים זינען. און ער האָט גענומען אויף זיך צו זיין אַזאַ אונטערטאַן. אַזעלכע אונטערטאַנען ווי שאָ האָט שעקספּיר באַשאַפן אַ סך אין זיינע דראַ־מען — זיינע קלוגע הויפנאַרן. יע, מיט זיין גאַנצער חכמה איז שאָ בלויז — שעקספּיר׳ס נאַר... בלויז אַ שפּריץ פון שעקספּיר׳ס געניאַליטעט.

און וואָס איז געווען דער סוף פון דעם דאַזיקן מורא׳דיקן שאָ־שעקספּיר קאַמף?

די אייפערזיכטיקע געטער, וועלכע האָבן פאַר־שיינקט דעם גרויסן וויצלינג דעם באַהאַלטענעם סוד פון קינסטלערישער וואָג און מאָס, זיי האָבן צוגעגרייט אַ געניאַלן וויץ פון זיינעט וועגן צו זיין זיבעציג־יעריגן יובילײ.

פונקט דעמאָלט ווען מען האָט געפייערט שאָ׳ס זיבעציג יעריגן יובילײ, — טייפליש אויסגערעכענט, פונקט צו דער מינוט — איז פאַרעפנטלאַכט געוואָרן אַן אַנקעטע וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן צווישן גרוי־סע מענשן פון דער וועלט איבער דער פראַגע ווער עס זיינען די צוועלף גרעסטע שריפטשטעלער אין דער וועלט. דער ערשטער אויף דער ליסט איז געשטאַנען — שעקספּיר.

בערנאַרד שאָ איז דאָרט אינגאַנצן ניט געווען. ער איז איבערהויפּט אין באַטראַכט ניט געקומען.

געניאַלער וויצלער, פאַרשטייסטו דעם וויץ פון די געטער?

# אַברהם רייזען —
# דער מייסטער־דערציילער

אויף רייזענ׳ס מזל איז אויסגעפאַלן אַ גורל, וואָס איז שוין אָפט געווען דער גורל פון גרויסע קינסטלער. זייער אייגענע צייט האָט זיי אַמווייניקסטן פאַרשטאַנען און זייערע נאָענטסטע זיינען געבליבן די ווייטסטע פון זיי.

עס איז מערקווירדיג ווי ווייניק אויפמערקזאַמקייט רייזען האָט געקראָגן פון אונזערע קריטיקער, און ווי נאָך ווייניקער פאַרשטענדעניש. אַ פּאָר זייטלאַך פון איינעם, אַ פּאָר „קנייטשן" פון אַ צווייטן, און דאָס איז כמעט גאָר.

און אויך דאָס איז געווען רייזענ׳ס מזל ווי דאָס מזל פון אַ סך גרויסע קינסטלער: דאָס וואָס די קריטיק האָט ניט דערזען מיט׳ן אויג האָט דאָס פאָלק דערפילט מיטן חוש. אין פאָלק איז רייזען פריער דערקענט געוואָרן ווי אין דער קריטיק און ביז היינטיקן טאָג איז ער ביים ברייטן עולם טיפער געליבט און העכער געשעצט ווי ביי די, וואָס גיבן דעם טאָן אין אונזער קונסט־לעבן.

וואָס איז די סיבה דערפון?

ווען מיר ווילן דערגיין דעם סוד פון אָט דער דערשיינונג קומען אונז אנטקעגן, אַלס באַשייד, די ערשטע און פונדאַמענטאַלע כאַראַקטעריסטיקן פון רייזען׳ס קונסט.

רייזען איז אַזוי נאָענט געווען דעם פאָלק און איז אַזוי פרעמד געבליבן דער קריטיק דערפאַר ווייל ער איז גאָר ניט קיין „ל י ט ע ר אַ ט ו ר". ער איז ווייניקער און מער ווי ליטעראַטור.

וואו און ווער דערציילט אַ מעשה אַזוי פּשוט, אַזוי איינפאַך, אַזוי דירעקט, אַזוי נאַקעט ווי רייזען? וואו און ווער, אין דער אידישער ליטעראַטור אַזוי גוט ווי אין דער אַלגעמיין מאָדערנער ליטעראַטור, באַנוצט אַזוי ווייניק ליטעראַרישע מיטל, אַזוי ווייניק „קונסט", אַזוי ווייניק אויסגעצערטלטע מעטאָדע, אַזוי ווייניק באַרעכנטע פאָרם ווי רייזען? וואו גע־פינט מען אַזאַ קאַרגקייט, אַזאַ צונויפגעפרעסטקייט, אַזאַ צמצום, און וואו אזא רעליעפנעקייט, אַזאַ שאַרפע איינגעשניטענע ליניע? וואו אַזוי ווייניק מיטל און אַזוי פיל עפעקט?

רייזען הויבט אַזוי אָן צו דערציילן:

„באַרים זאַלקינד האָט געהאַט אַ נייגונג איינצו־פונדעווען זיך אין לעבן. נאָך זייענדיק אַ אינגל... פלעגט ער אונטער די פיסלאַך פון זיין בעט אונטערלייגן ציגל כדי דאָס בעט זאָל זיך ניט שאָקלען"...

אָדער:

„עס איז געווען אַן אמת׳ער גבירישער שלאָפ־ראַק... אין שלאָפראָק האָט אהרן לייזער אויסגעזען

פאַרנעמער און רייכער. טראָגן פלעגט ער אים אין שטוב אינדערפרי אַ שעה פאַר'ן דאַווענען. אַמאָל פאַר־גאַרטלט, אַמאָל אָפּגעגאַרטלט... זיינען די געשעפטן גוט געגאַנגען פלעגט ער ליב האָבן צו טראָגן אים אָפּגעגאַרטלט... און אומגיין איבערן שטוב און פאָכען מיט די צוויי פאָלעס און אָנמאַכן אַ ווינט. אויב דאָס געשעפט איז ניט אַזוי גוט געגאַנגען פלעגט ער אים פאַרגאַרטלען און די הענט באַהאַלטן אין די אַרבל ווי ער וואָלט זיך געשיצט פון קעלט"...

אַזוי דערציילט און אַזוי כאַראַקטעריזירט רייזען.

צו געפינען אַ גלייכן צום רייזענ'שן מעטאָד דאַרף מען גיין ווייטער ווי די היינטיקע ליטעראַטור, ווייטער צוריק, אין יענע צייטן ווען ליטעראַטור איז נאָך ניט געשריבן געוואָרן, ווען מעשות פלעגן נאָך דער־ציילט ווערן ביי אַ פייער אין וואַלד נאָך אַ טאָג פון געיעג, אָדער נעבן טייך דורך לאַנגע נעכט פון פיש־פאַנג, אין יענע צייטן ווען מעשות פלעגן זיך אָנהויבן פשוט — אַמאָל איז געווען אַ מלך...

די אוראַלטע, פרימיטיווע פאָרמע פון דערציילן. דאָס איז רייזענ'ס פאָרמע.

און אַזוי ווי ס'איז איינפאַך און גרונטאָווע רייזענס דערציילערישע פאָרמע, אַזוי גרונטאָווע און איינפאַך איז אויך די פּסיכאָלאָגיע וואָס גייט אַריין אין זייער באַשאַפונג. אין אונזער ליטעראַרישער עפּאָ־כע האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרשטיין פּסיכאָלאָגיע צופיל אין דאָסטאָיעווסקי'שן זין — פאַרפלאָנטערטע, פאַרדרייטע, צוקרימטע. אמת ווי עס איז ניט אָדער ווי

עס קען זיין די דאָסטאָיעווסקי׳שע פּסיכאָלאָגיע, אמת־ער פון איר איז די ערשטע, פונדאַמענטאַלע פּסיכאָ־לאָגיע, די פּסיכאָלאָגיע פון די ריינע געפילן און די גראַדע אינסטינקטן. וועלט־ליטעראַטור ווערט ניט גע־בויט אויף דער דאָסטאָיעווסקי׳שער פּסיכאָלאָגיע. וועלט־ליטעראַטור איז די ליטעראַטור פון דעם איינ־פאַכן און גראַדן אינסטינקט־מאָטיוו. וועלט־ליטעראַ־טור און אייביקע ליטעראַטור איז שוין געשאַפן גע־וואָרן ביי יענע נאַכטיקע פייערן אין די אַלטע ווילדע וועלדער. ווארום דער ערשטער מענש האָט שוין גע־טראָגן יענע מאָטיוון אין האַרצן און דער לעצטער מענש וועט זיי נאָך פאַרמאָגן. און ווען עס וועט קומען די צייט און דער מענש וועט זיך קענען צו־זאַמענריידן מיט זיין הונט און ער וועט אים, ביים קאַמין, דערציילן יענע אַלטע וואַלד־מעשות, וועט זיי דער הונט אויך פאַרשטיין און פילן.

דער אוראַלטער, אייביקער שטאָף פון ליטעראַטור.

דורך עפּעס געהיימע, פאַרבאָרגענע וועגן, דורך פאַרהוילענע פּראָצעסן פון דער שעפערישער נאַטור איז עס רייזען׳ען געלונגען אַריינצובריינגען אין אונזער איבער־ראַפינירטער צייט אַריין אַ הויך פון יענער ערשטער קראַפט, פון יענעם עלעמענטאַרן כח פון דערציילן, וואָס איז דער יסוד און די געהיימנים פון דער גרויסער, דערציילערישער קונסט. רייזען׳ס מע־טאָד פון דערציילן איז דער נאַטירלאַכער מעטאָד, ווען אויף דער ליטעראַטור זיינען נאָך ניט אָנגעוואַקסן געוועזן קיין פרענז און פּליטערלאַך, נאָר זי איז גע־

ווען דירעקט און נאַקעט. בלויז די גרויסע גייסטער אין דער ליטעראַטור, די אייביקע, האָבן פון דעם סוד געוואוסט: דערפאַר טאַקע זיינען זיי אייביקע. זיי האָבן געוואוסט, אַט די אַלטע מייסטער, ווי אַזוי אַראָפּצושיילן די אויבערשטע אָנגעוואַקסענע הויטן און זיך דערגרונטעווען צו דער ערשטער פּרימיטיווער, נאַקעטער מענטשלאכער נשמה.

רייזען האָט עפּעס פון אָט דער אַלטער פּרימיטי־ווער דערציילונגס קראַפט. רייזען איז אין מיטען פון אַ מאָדערנער ליטעראַטור אַ פּ ר י מ י ט י װ ע ר דער־ציילער. זיין שוואונג איז דער שוואונג פון דער ביבל וואו — אַ וואונק, אַ קורצער זאַץ — און אַ וועלט איז באַשאַפן, און אַן אָנצוהערעניש — און אַ שיקזאַל איז אויסגעשעפּט. אַ קינד פון אַ דעגערווירטער צייט שעפּט ער דאָך פון עכטן, אוראַלטן, ערשטן לעבנסקוואַל: די געפילן ווי קוואַלוואַסער ריין, די אינסטינקטן דורכ־זיכטיק ווי די ווייסע ליכט פון טאָג, און דער שפּיל פון פאַרלאַנגען און תאוות — ניט פאַרפּלאָנטערט, ניט געקנוילט, נאָר פון איינצעלנע ליכטיקע פעדים אויסגעוועבט. ווען דאָס לעבן אַליין וואָלט געקומען דערציילן פון זיך וואָלט עס דערציילט אַזוי ווי רייזען טוט עס. ווען דערציילונגען וואָלטן געוואַקסן אין פעלד וואָלטן זיי געוואַקסן ווי רייזען שרייבט זיי. אין רייזענ׳ס דערציילונגען פילט זיך ניט אַז זיי זיינען דורכגעגאַנגען אַ מייסטערענדע האַנט. עס דוכט זיך ווי זיי וואָלטן ווי פון זיך אַליין זיך אַרויסגעגאָסן פון זיינע פינגער, אַזוי גרינג און נאַטירלאַך ווי די פרי

טריפט אַרויס פון דער צווייג, אַזוי גרינג און פשוט ווי די פלאַנץ שטייגט אַרויף פון דער ערד.

רייזען איז דער אמת׳ער געבאָרענער דערציילער, אפשר דער איינציקער אין דער אידישער ליטעראַטור. ער איז דער געבאָרענער דיכטער פון דער מיניאַטור־פאָרמע. אמת, די קליינע סקיצע און קורצע דערציילונג זיינען די הויפט פאָרמען פון דער אידישער ליטעראַטור בכלל. אָבער ביי די מערסטע אידישע שרייבער איז זי מער אַ פאָרמע אַרויפגעלייגט פון דרויסן. היסטאָרישע און פסיכאָלאָגישע אומשטאַנדן האָבן דערווייל ניט מעגלאך געמאַכט דעם גרויסן פאָרמאַט אין דער אידישער ליטעראַטור, אָבער די ליטעראַטור צ י ט זיך צו אים, זי שטרעבט נאָכ׳ן גרויסן פאַרנעם. פרץ האָט זיך געפילט איינג אין דער סקיצע; אַש גיסט זיך אַריבער איבער די ברעגן פון דער קליינער דערציילונג; שלום־עליכם האָט די שוועריקייט גובר געווען דורך „סעריעס". בלויז רייזען פילט זיך אַ גאַנצער אין דער קליינער סקיצע. זי איז זיין היים, זיין נאַטירלאַכער עלעמענט. אין איר לעבט ער אויס זיין פולע נאַטור. וואו אַנדערע קענען איינפאַסן אַ מאָמענט, לייגט רייזען אַריין אַ גאַנץ לעבן; וואוהין אַנדערע קענען אַריינפרעסן נאָר אַ פינטעלע, וויים רייזען די קונץ אַריינצופאַסן אַ גאַנצע וועלט. די בעסטע פון רייזענ׳ס דערציילונגען זיינען אַזוי גאַנץ ווי אַן אויג, אַזוי ריין און אַן אַ פגימה ווי דער בליץ.

זאָל דער „איינגעפונדעוועטער" און דער „שלאָפראָק" ווייטער דינען פאַר אַ ביישפּיל.

זאַלקינד שפּאַרט אונטער זיין קינדערשן וויגל מיט אַ ציגל כדי צו פילן זיך איינגעפונדעוועט אין לעבן. ער פאָרט אין דער גרויסער שטאָט, וואו ס׳איז דאָ ברוק אונטער די פיס, ער שטודירט, האָט חתונה, מאַכט זיך אַ קאַריערע, געבערט קינדער, און אַלץ נאָר מיט דער כונה זיך איינצופונדעווען. און אָט איינמאָל אַ גליקלאַכער, אַן איינגעפונדעוועטער גייט ער מיט דער ווייב אויף אַ באַל. דאָ באַגעגנען זיי אַ דאָקטאָרל וואָס וואַרפט אַן אויג אויף דער ווייב. זאַלקינד איז איבערזיכטיג און ער דערפילט: אַזוי פיל מי אוועק־געלייגט זיך איינצופונדעווען, און דאָ אַזוינע קלייני־קייטן: אַ באַל, אַ ניי קלייד, אַ יונגער שלאַנקער דאָק־טאָרל און אַלץ פאַלט איין, פאַלט איין...

עטלאַכע זייטלאַך, און קליינע, קורצע, דוכט זיך נישטיקע קלייניקייטן, און דאָך איז אויפגעשטעלט אַ מענש, אויפגעבויט אַ לעבן אַ גאַנץ, און עס איז נאָך געבליבן פלאַץ פאַר אַ לעבנס־פילאָזאָפיע...

מייסטערהאַפטער נאָך דערפון איז „דער שלאָפ־ראָק“. דאָס איז ניט קיין מייסטערווערק, דאָס איז אַ וואונדער. קיין ניין הונדערט ווערטער ניט — און פאַר אונזערע אויגן גייט פאַרביי אַ מענטשלאַך לעבן אין אַ שלאָפראָק פאַרוויקלט, אָבער אין און דורך דעם שלאָפראָק ווערט אָפגעשפילט אַ גרויסע און טיפע מענטשלאַכע טראַגעדיע...

אַזאַ אויפעפנען די גרונטן פון דער מענשלאַכער נשמה, אַזאַ אַנטבלויזן די לעבנס־וואָרצלען איז מער ווי ליטעראַטור, עס איז מער ווי קונסט־זין — עס איז

העליזעריי. עס גייט אַריבער די גרענעצן פון קונסט און גיסט זיך צונויף מיט'ן נאַקעטן לעבן גופא. עס איז אַזוי שווער צו אונטערשיידן רייזען'ס קונסט פון לעבן ווי עס איז שווער אָפּצושיידן דעם גרינעם ווערימל וואָס קלעטערט אויפ'ן גרינעם בלאַט און די גרויע שלאַנג וואָס פּויזעט אויף דער גרויער ערד. און ווי דאָס לעבן איז זי — אי טיף, אי פּשוט. רייזען'ס פּשטות איז אַ מערקווירדיקע. זי איז עפּעס אַ ליכטיקע. עס זעט זיך אַלץ אַזוי קלאָר דורך רייזען'ס שפּראַך, אַזוי ווי צווישן זיינע ווערטער וואָלטן פענסטער גע־שטאַנען צעעפנט.

אויף יענע פלאַכן פון דער מענשלאַכער נשמה וואו רייזען'ס קונסט באַוועגט זיך איז נאָך ניטאָ קיין אונטערשייד צווישן איד און גוי. דאָרט איז עס נאָך ניט דיפערענצירט, עס זיינען דאָרט נאָך ניטאָ קיין פאָלקס־אונטערשיידונגען, קיין חילוקים פון ראַסע און קולטור. עס איז נאָך גאַלער מענש.

און פון דאַנען נעמט זיך נאָך אַ וויכטיקער כאַ־ראַקטער־שטריך אין רייזען'ס קונסט. רייזען איז דער אומאידישסטער שרייבער אין דער אידישער ליטעראַ־טור. רייזען איז דער ערשטער וועלט־שרייבער אין דער אידישער ליטעראַטור.

די אידישע ליטעראַטור ליידט פון דעמזעלבן חסרון וואָס דער איד: אייביק פילט זי אַז זי איז אַ אידישע, אייביק טראָגט זי זיך אַרום מיט אַ אידישער פּסיכאָלאָגיע, אייביק האָט זי אַ אידישן באַוואוסטזיין. מענדעלי'ס וואָגן איז צו אַ אידישער קליאַטשע גע־

שפּאַנט; פּרץ׳ס בעסטע שאַפונגען זיינען אָפּגע׳טובל־טע אין מיסטישן נעבל פון יודענטום; שלום־עליכם׳ס טוביה איז אַ אידישער טאַטע איינגעטונקען אין אידי־שע צרות, און זיין מנחם־מענדל איז דער מענש פון אידישע פּרנסות; ביי שלום אַש׳ן, וועלכער איז נענטער ווי זיי צוגעקומען צו דער דרויסנדיקער וועלט, צום לייב — פּילט זיך אויך דאָסזעלבע. ביי אים קומט פאַר אַן אייביקער געראַנגל צווישן פלײשליכן לייב און אידישן גייסט: ר׳ שלמה נגיד וואָס שטייט שמונה־עשרה און טראַכט פון דער דינסט, אָדער די בלומענ־פאַרקויפערין אין פּאַריז וואָס פּוצט אוים די גאַסן־מייד־לאַך מיט ווייסע ליליען לכבוד שבת. מענדעלי, פּרץ, אַש — שטענדיק גייען זיי נאָך דעם אידישן שטערן וואָס פירט זיי צו מזרח.

דאָס איז אַ קונסט צוגעפּאַרבט מיט אַ בליק, מיט אַ ספּעציעלער פילאָזאָפיע, אין אַ געווים זין אַ — געדאַנקען־קונסט.

בלויז אין רייזען, צווישן אָט דער פּלעאַדע, טראָגט זיך ניט אַרום מיט׳ן אידישן וואָרים אין האַרצן. ער האָט, געוויס, דערציילונגען פון אידישן שטייגער, אָבער זיי זיינען ניט כאַראַקטעריסטיש פאַר אים. דאָס אידישע נעמט קיינמאָל ניט די אויבערהאַנט איבער׳ן גרונט־מענטשלאַכן. דאָס אייביק מענטשלאַכע איז דער לייט־מאָטיוו, דאָס בילד, די גרונט־פאַרב; דאָס אידישע איז די ראַם. אפילו דאָס אידישע איז ביי רייזענ׳ען נ א ַ ט י ר ל א ך. ביי די אַנדערע אי־דישע שרייבער איז דאָס אידישע אַ ס פּ ע צ י ע ל ע ר ב אַ ו ו א ו ס ט ז י י ן. ביי רייזענ׳ען איז עס אַזוי ווי

אַלע מענטשן וואָלטן געווען אידן. מען קען זיך בשום אופן ניט פאָרשטעלן רייזען זאָל אָנשרייבן פּרצ׳עס יוחנן מלמד׳ס מעשה׳לאך און אויך אַש׳ס „ר׳ שלמה נגיד". ער האָט אידישע כאַראַקטער-שטריכן, אויף ווי-פיל זיי זיינען נויטיק פאַר אַטמאָספערע און פאַר פאָר-טרעט-שטריכן. זייערע אידישע כאַראַקטעריסטיקן זיי-נען אַזוי נויטיק אין זיי, ווי זייערע אידישע נעמען. אָבער אידישקייט אַלס שטימונג, אידישקייט אַלס פילאָ-זאָפיע, אָדער אידישקייט אַלס „אומגליק" — דאָס איז פרעמד אין רייזען׳ס שאַפן. פּרצ׳ס ווערק וואָלט אַ גוי ניט געקענט אָנשרייבן, רייזענ׳ס — יאָ. דער „איינגע-פונדעוועטער" איז ניט איד, ניט גוי; דער „שלאָפראָק" איז אַ וועלט-מלבוש.

און אויב מען קען זאָגן, אַז יענע זיינען אידישע קונסט, איז רייזען דורכאוים ריינע, עכטע קונסט.

דורך רייזענ׳ען, און ניט דורך עמיצן אנדערש, באַרירט זיך די אידישע ליטעראַטור מיט דער וועלט-ליטעראַטור. מענדעלי איז פאַר דער וועלט אומאינ-טערעסאַנטע פּראָבלעמאַטיק; שלום-עליכם איז פאַר דער וועלט ניט-איבערזעצבאַר; אַש איז פאַר איר — טשיקאַווער אידישער שטייגער; פּרצ׳ן צו פאַרשטיין דאַרף די וועלט דורכגיין אַ קורס אין אידנטום.

אין רייזען איז איר פאַרשטענדלאך ווי ער שטייט און גייט. רייזען רעדט צו דער וועלט — האַרץ צו האַרץ. רייזען איז ניט אידישע ליטעראַטור, נאָר לי-טעראַטור אין אידיש. אין רייזענ׳ען האָבן מיר אונזער ערשטן וועלט-קינסטלער דער וועלט געגעבן.

אפילו זיין שפּראַך איז אָנגעפּאַסט פּאַר דער־דאָזיקער ראָל. פון אַלע אידישע שרייבער, פון רייזען׳ס דור, איז זיין שפּראַך די אומאידישלאַכסטע. זיין טעמע איז אומאידישלאַך — איז עס זיין שפּראַך אויך געוואָרן. רייזענ׳ען פעלט דער אידישער אידיאָם. זיין שפּראַך איז פריי און וועלטלאַך. דער אידישער אי־דיאָם טראָגט מיט זיך אידישע אַטמאָספערע, אידישע ספּעציפישקייט, און דאָס האָט ניט האַרמאָנירט מיט רייזענ׳ס קינסטלערישער טעמע, וואָס איז ווייט ווי די וועלט און ברייט ווי די מענשהייט.

אין אָט די גרונטשטריכן וואָס זיינען ביז איצט דערמאָנט געוואָרן ליגט די סיבה פון דער מאָדנער באַ־ציאונג פון דער אידישער קריטיק צו רייזענ׳ען. אונזער היינטיקע אידישע ליטעראַטור איז אנטשטאַנען אין אַן אַטמאָספערע פון אידישער רענעסאַנס, פון נאַציאָנאַלע באַוועגונגען און שטרעמונגען. דאָס האָט אַ רעכט ביסל פאַרפאַרבט דעם קוק פון אונזער קריטיק, און זי האָט רייזענ׳ען ניט געקענט דערזען אין זיין אמת׳ער גע־שטאַלט. זי האָט אים אויך פאַלש אויפגעפאַסט אַלס אַ פאַלקסטימלאַכן קינסטלער. די ע ל ע מ ע נ ט אַ־ר י ש ק י י ט פון רייזענ׳ס קונסט האָט זי אָנגענומען פאַר פאַלקסטימלאַכקייט. אָבער די צוויי זיינען ווייט אָפּגערוקט איינס פון אַנדערן.

און אַזוי ווי רייזענ׳ס טעמע איז ברייט און מענטש־לאַך, אַזוי איז אויך זיין שטילע טראַגיק און זיין קלוגער הומאָר.

די צוויי זיינען האַרמאָניש צוזאַמענגעגאָסן אין זיין קונסט — אַזוי ווי אין לעבן. יעדע גרויסע קונסט איז

ווי דאָס לעבן: צוויי-פּנים׳דיק — איין געזיכט וויינט און דאָס צווייטע לאַכט, און דער קרעכץ מיט דעם גע-לעכטער גיסן זיך צונויף אין איין טאָן — דעם לעבנס-טאָן. אַ טונקעלער פּעסימיזם רוט איבער רייזענ׳ס ווערק, אָבער דעם אומעט און צער ווייזט ער דורך אַ ראַזעווער שייבעלע — דורך אַ קאָמישער סיטואַציע, דורך אַ קלוג-צענויפגעפלאָכטענער פאַרלעגנהייט, דורך אַ ווייך-גראָטעסקן כאַראַקטער. דער הומאָר פון זיינע „שטילע טריט", פון דעם שוסטער וואָס לעבט פון בלאָ-טע, פון דעם אידן וואָס גייט נאָך אַ הלואה, שמעקט מיט׳ן זעלבן אַראָמאַט וואָס דער אייביקער הומאָר פון „דאָן קיכאָט", פון דער „רייזע צו די ליליפּוטן" פון „טוביה דעם מילכיקן". עס הויכט פון אים מיט דער-זעלביקער קלוגשאַפט, וואָס איז מער ווי קלוגשאַפט, וואָס איז פילאָזאָפישע קלוגשאַפט, וועלט- קלוגשאַפט, וואָס איז ווייזהייט.

רייזען איז דער קלוגער, דער חכם, דער ו ו י י ז ע ר אין דער אידישער ליטעראַטור. און זיין חכמה איז אַ שטילע חכמה, ניט קיין שרייאיקע; אַ שטילע — ווייל אַזאַ טיפע.

זיין חכמה און אויך זיין צער זיינען אַזוי שטיל ווי עס איז שטיל די נשמה פון די אומצאָליקע מענטשן וואָס ער האָט אויפגעמאָלן.

רייזענ׳ס ליטעראַטור איז אַ „ליטעראַטור אָן שטורם" און איז באַפעלקערט מיט קליינע, געוויינ-לאכע, טאָג-טעגלאַכע מענטשן, אָן העראָאיזם, אָן שטאַרק-אַנטוויקלטע פאַרלאַנגען. אָבער איבער אַלע

אירע מענטשן איז אויסגעגאָסן אַן אומעטיק־זיסע ליריק, דער ערנסטער גרונד־טאָן פון טראַגיק, און די דער־לייזנדע פרייד פון וועלט־חכמה. רייזען׳ס העלדן לעבן שטענדיק אין אַ טריבער, קליינשטעטלדיקער ווירקלאַכ־קייט. זיי קענען נאָר די בענקשאַפט צו אַ בעסערן לעבן, אָבער פאַרמאָגן ניט דעם כח אויסצוציען די האַנט עס צו דערלאַנגען. זייערע אידעאַלן שוועבן שטענדיק אויפ׳ן ראַנד פון קבר, צו שוואַך צו לעבן, צו שיין צו שטאַרבן, און זיי געפינען זייער תיקון נאָר אין דעם, וואָס עס קומט אַ קינסטלער ווי רייזען און גיסט אויס אויף זיי דעם זאַנפטן הויך פון זיין ליבע און זיין קונסט.

# דר. חיים זשיטלאָווסקי

אין דער פּערזאָן פון דר. זשיטלאָווסקי האָט אין אידישן לעבן, אין משך פון פערציק יאָר, געווירקט אַ גרויסע שעפערישע קראַפט, אַ קראַפט וואָס, כאָטש פון אַן אַנדער זשאַנר, האָט זי איר גלייכן נאָר אין מענדעלי, שלום-עליכם און פּרץ.

אַהער, אין דער שורה פון די דריי אויבן-אָן, געהער זשיטלאָווסקי. ווי פון זיי, אַזוי האָט אויך פון אים אַרויסגעשטראַלט אַן איינפלוס וואָס האָט אויף דורך און דורך דורכגענומען אונזער גייסטיק לעבן; ווי ביי זיי אַזוי אויך ביי אים לאָזן זיך ניט אָנצייכענען די גרענעצן פון זיין ווירקונג — זיי פאַלן זיך צונויף מיט׳ן לעבן גופא. צוזאַמען מיט זיי האָט ער געשאַפן די נייע אידישע קולטור. אין אַ געווויסן זין האָט ער דערגענצט זייער אַרבעט: וואָס זיי האָבן אויפגעטאָן אויפ׳ן עסטעטיש-קינסטלערישן געביט, האָט ער אויפגעטאָן אויפ׳ן פילאָזאָפיש-אינטעלעקטועלן. ערגעץ איז פאַראַן אַ מדרגה, ערגעץ-וואו ביים ערשטן קוואַל, וואו דאָס עסטעטישע און אינטעלעקטועלע זיינען איינס, און קיין קולטור קען ניט געמאָלט זיין אָן אַ באַלאַנס פון די צוויי. זשיטלאָווסקי האָט איינגעשטעלט דעם עסטעטיש-פילאָזאָפישן באַלאַנס אין דער יונגער אידישער קולטור.

נאָר בשעת אויף דער עסטעטישער וואָגשאָל זיינען גע־
ווען דריי, און אויב מען וויל — נאָך מער, איז אויף דער
אַנדערער וואָגשאָל, אויף דער פילאָזאָפיש־אינטעלעק־
טועלער, געווען און געבליבן נאָר איינער — דר. זשיט־
לאָווסקי.

עפּעס פון אָט דער באַדייטונג פון זשיטלאָווסקי׳ס
ראָלע אין דער יונגער אידישער ליטעראַטור איז פאַראַן
אין די צונעמען „אידישער דענקער״, „פילאָזאָף״, „לאָ־
גיקער״, וואָס שוועבן אַרום זיין נאָמען. איך וויים ניט
ווער עס האָט אים אַזוי געקרוינט. עס וועט געווים
שווער זיין אָנצעווייזן וואו און פון ווען ער איז צום
ערשטן מאָל אַזוי אָפּגעשאַצט און באַצייכנט געוואָרן.
אָבער אין דער לופט, דאָרטן ערגעץ אין די ברייטערע
שיכטן, וואוהין זשיטלאָווסקי׳ס נאָמען איז דערגאַנגען
און מען ווייסט אפשר ניט, וואָס פילאָזאָפיע איז, הערשט
אַ מין טונקעלער געפיל, איז פאַראַן עפּעס אַן אומקלאָרע
אַנונג אַז אין זשיטלאָווסקי׳ן איז — עפּעס פילאָזאָפישעס,
דענקערישעס, אַז ער איז דער טרעגער פון אַ סטיל,
וואָס האָט זיך ביי קיין אַנדערן שעפער אין אידיש ניט
אַנטפּלעקט.

און ווי עס איז אָפט מיט אַזעלכע טונקעלע פאָלקס־
אורטיילן, איז אויך אין דעם אורטייל וועגן זשיטלאָוו־
סקי׳ן פאַראַן אַ סך אמת.

איז אָבער זשיטלאָווסקי אַ פילאָזאָף? איז ער
אַ באַדייטנדער דענקער? איז ער אַ ״לאָגיקער״? אויב
יאָ — וואָס זיינען זיינע געדאַנקען, וואָס איז זיין פי־
לאָזאָפיע? וועלכן אייגענעם ביימראַג האָט ער גע־

מאַכט צום אוצר פון אידייען, וואָס זאָל אים באַרעכטיקן צום דאָזיקן אויסגעווײילטן נאָמען? וואָס וואָלט, אין דעם גייסטיקן פאַרמעגן פון דער וועלט, אָדער אפילו נאָר פון אידנטום, געפעלט, ווען עס וואָלט דאָרט גע־פעלט זשיטלאָווסקי׳ס חלק?

עס וואָלט דאָרט גאָרניט געפעלט. עס וואָלט דאָרט ניט געבליבן קיין ליידיקער אָרט, קיין ניט־אויסגעפיל־טער פלאַץ. ער האָט דעם רייך פון דער פילאָזאָפיע ניט רייכער געמאַכט; ער האָט איז דעם ים פון מענטש־לאכן דענקען קיין נייעם אינהאַלט ניט אַריינגעגאָסן. ניט אין דער מעטאַפיזישער פילאָזאָפיע, ניט אין דער סאָציאַלער האָט זשיטלאָווסקי עפּעס מחדש געווען. אפילו אין יענע באַגריפן, מיט וועלכע ער האָט אָפּגע־אַרבייט זיין גאַנץ לעבן, די באַגריפן פון נאַציע, ראַסע, ראַסן־פּסיכיקע, קולטור, רעוואָלוציע, מאַטעריאַליזם, אי־דעאַליזם א. אז. וו., האָט ער קיין נייעם פילאָזאָפישן אינהאַלט ניט אַריינגעהויכט. און וואו ער האָט עס גע־פרואווט צו טאָן, דאָרט וואו ער האָט פאַרזוכט אָרי־גינעל צו זיין האָט ער אָפּטמאָל זייער שטאַרק, זייער נאַאיוו געגרייזט. די טיפקייט פון זיין דענקען איז זעלטן טיפער ווי דאָס דענקען פון דער געוויינלאכער פובליציסטיק און פאַרטיי־באַגרינדעריי.

זשיטלאָווסקי איז, געווים, ניט קיין פילאָזאָף, און דאָך האָט ער אין דער אידישער ליטעראַטור געשאַפן עפּעס וואָס איז גרעסער ווי אַ פילאָזאָפיע וואָלט געווען, גרעסער ווי יעדע סומע פון באַשטימטע געדאנקען וואָלט געקענט זיין.

וואָס זיינען דען „אידייען", „געדאַנקען", „פילאָ־זאָפיען" ? — פאַרגענגלאַכע זאַכן. היינט איז עס ניי, מאָרגן איז עס אַלט געוואָרן. נעכטן גריין, היינט — פאַרוועלקט. „אייביקע" געדאַנקען זיינען זייער ווייניק פאַראַן און ניט יעדן שטערבלאַכן זיינען זיי געגעבן געוואָרן. אַ פּאָר טוץ ג ר ו נ ט ־ געדאַנקען שעפּן אפשר אוים די גאַנצע מענטשלאַכע קולטור. דאָס איבעריקע איז נאָר דרש, פּליטערלאַך. און דעריבער — אַזוי גרינג און פאַרגיינגלאַך.

ניט קיין גרויסע און אָריגינעלע געדאַנקען האָט זשיטלאָווסקי געבראַכט דער אידישער ליטעראַטור, דערפאַר אָבער האָט ער אַהין אַריינגעטראָגן עפּעס וואָס איז אומענדלאַך מער. ער האָט אַריינגעטראָגן אַהין — ד ע ם ר י ט ם פ ו ן ג ר ו י ס ן ד ע נ ק ע ן.

געדאַנקען זיינען פאַרגיינלאַך ; דאָס דענקען איז אייביק.

זשיטלאָווסקי'ס געדאַנקען־גאַנג האָט די טבע — ער אַרבעט אין ברייטן פאַרנעם, אין ברייטע זשעסטן, אין וויימ־פאַנאַנדערגעוואָרפענע ליניעס, און איז אַ דינאַמישער, אַ באַוועגלאַכער, אפילו אַ ליידנשאַפטלאַכער. ווען דער דאָזיקער געדאַנקען־גאַנג איז אַריינגעדרונגען אין דער אידישער ליטעראַטור, האָט זיך די גאַנצע ליטעראַטור ברייט פונאַנדערגעוויגט, אַזוי ווי די רינגען אַרום אַ שיף, וואָס ווערט פאַנאַנדערגעשאָקלט אין אַ גלאַטן וואַסער.

ביז זשיטלאָווסקי'ן איז אין אידיש ניט געווען דער סטיל פון גרויסן, ברייטן, שוואונגהאַפטן דענקען. עס

האָט געהערשט אַ מין סטיל פון דעם קלויזניק. דער ישיבה-בחור וואָס איז געוואָרן א משכיל, האָט זיך אויפגעהויבן פון באַנק נעבן אויוון אין בית-המדרש און האָט זיך געזעצט ביים שרייב-טיש פון דעם וועלטלאכן אידישן וואָרט, און ער האָט מיטגענומען מיט זיך די גערדאנקען-אַרט פון דער חכמת-הליזשאַנקע. עס איז געווען א גערדאַנקען-סטיל וואָס האָט גע'דרש'נט פון „את'ן" און געבויט בנינים אויף די פינטעלאך פון „וישק". און ווען עס האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט שפעטער דאָס פאַרטיי-לעבן מיט זיין גאַנצער ברייטער פאָלעמישער ליטעראַטור, האָט מען וועלט פּראָבלעמען אריינגעפּאַסט אין דעם קלויז-סטיל און וועלט-שיקזאַלן גע'דרש'נט אויף אַן „את".

זשיטלאָווסקי האָט אַ נייעם אַרט דענקען געבראַכט. ער האָט צו וועלט-פּראָבלעמען געבראַכט אַ וועלט-מאָס, אַ וועלט-קוק. פראַגן, די קלענסטע, פלעגן אונטער זיינע הענט אויסוואַקסן אין ריזיגע דימענסיעס. ער פלעגט זיי פאַרציען אויף א גרויסן, ברייטן ווארשטאַט, דעם ווארשטאַט פון אַ ברייטן דענק-מעכאַניזם. ער האָט די חשיבות פון גערדאנק אַלס גערדאַנק, אַלס גייסטיקער פּראָצעס דערהויבן. אויפן פּלאַץ פון אַ מיסטישער לאָגיק, די לאָגיק פון רעליגיעזן דענקען און דרש'ענען, האָט ער צוריקגעשטעלט ביי אונז די נאָר-מאַלע, געזונטע לאָגיק, די לאָגיק פון קלאָרן טאָגליכט. און דאָס איז מער ווי יעדע רייע גערדאַנקען וואָלט געווען. און דאָס האָט זשיטלאָווסקי באַוויזן מיט גע-דאַנקען, וואָס זיינען אין זיך אַליין געווען ניט טיף, ניט ניי און ניט אָריגינעל. ניט קיין לאָגיש-אויסגע-

שכל׳טע פּראָבלעמען האָט ער געבראַכט, נאָר דעם לאָגישן געדאַנקען־גאַנג בכלל, ניט די פילאָזאָפיע, נאָר די פילאָזאָפישע מאַניער. ניט וואָס ער האָט געבראַכט איז דער עיקר, נאָר ווי אַזוי. וויכטיקער ווי זיינע אידייען איז זייער פאָרמע.

זשיטלאָווסקי דענקט אין הויכן טאָן. אפילו ווען ער באַהאַנדעלט אַ גרינגע טעמע ווערט זי ביי אים אויסגעגאָסן אין אַ גרויסן פורעם — אין די פעסטע, זיכערע ליניעס פון געהויבענעם דענקען. עס איז פאַראַן עפּעס אַ געזונטער, שטאַרקער שוואונג אין זיין געדאַנקען־גאַנג ; זיין גייסטיקע ענערגיע האָט ליב זיך אויסצוגיסן אין אַ מין ברייטן ריטם, וואָס איז ניט־ווייניקער הינרייסנד, ווי דער ריטם פון פּאָעזיע. דערפון האָט זיין גאַנצער שרייבן אַ מין פּאָעטישע וואַרימקייט — דאָס איז די וואַרימקייט פון זיין געדאַנקען־ריטם.

אָט דער גייסט זשיטלאָווסקי׳ס האָט ווי אַ פרישער ווינט דורכגעבלאָזן דורך דעם אידישן קאָפּ. אַ נייער סטיל פון דענקען איז איינגעטראָטן. אין דעם דאָזיקן פּרט איז זשיטלאָווסקי געווען אַ באַנייער. ער האָט צוריקגעבראַכט דעם פילאָזאָפישן, הויך דענקערישן טעמפּעראַמענט. דאָס איז געווען אַ רעוואָלוציע. ניט קיין קלענערע רעוואָלוציע ווי די וואָס איז געקומען מיט דער ווידערגעבורט פון דעם קינסטלערישן טעמפּעראַמענט דורך מענדעלי׳ן, שלום־עליכם׳ן און פּרץ׳ן.

און אַזוי איז זשיטלאָווסקי געווען ווייניקער ווי פילאָזאָף, אָבער אויך — מער ווי פילאָזאָף.

ניט קיין פילאָזאָף, נאָר פילאָזאָפישע קראַפט איז זשיטלאָווסקי געווען ; מער רויער כח

ווי פאַרענדיקטער מייסטער. אין דעם גאַנצן שאַפונגס־גאַנג פון דר. זשיטלאָווסקי איז פאַראַן אָט דער טראַגי־שער רים — אַ רים צווישן דאָס וואָס איז געלעגן אין זיין קראַפט אויפצוטאָן און דאָס וואָס ער האָט אויפ־געטאָן, אַ רים צווישן דעם כח און דעם ווערק, צווישן דער פאָטענץ און דעם אויפטו, צווישן דער מעגלאכקייט און דער דערגרייכונג.

עס איז פאַראַן ביז היינטיקן טאָג אַן אומשטאַנד אין אונזער לעבן, וואָס האָט אָט דעם רים געבראַכט. דאָס אידישע לעבן איז אַזוי געשטעלט, אַז אונזערע גייסטיקע אינטערעסן געפינען זיך אַ פּלאַץ נאָר אין די ראַמען פון באַוועגונגען און פאַרטייען. און וואָס עס בלייבט אויסערהאַלב די גרענעצן פון פאַרטייען, בלייבט אין דרויסן, אין דער קעלט, פאַרפרוירן און פאַר־וועלקט צו ווערן. אפילו אונזער ליטעראַטור און אונזער קונסט, אויף וויפיל זי איז דאָ, האָבן אויך געמוזט זיין די שוץ־קינדער פון פאַרטייען און באַוועגונגען.

דעריבער איז עס אויך אויפן גורל פון זשיטלאָוו־סקי׳ן אויסגעפאַלן זיך אויסצולעבן אויפ׳ן שוים פון באַ־וועגונגען, אין דעם בוזים פון פאַרטייען.

פ ע ר צ י ק  י אָ ר  האָט ער אַוועקגעגעבן אויף פאַרטיי־דיסקוסיעס און פאַרטיי־ראַנגלערייען. פערציק יאָר אויף אויסצואַרבעטן און אויסצוגלייכן פאַרטיי־פּראָגראַמען.

וואָס זיינען אָבער פאַרטייען ?

„קוועקזאַמד“ — גייענדיקער זאַמד, אַ באָדן וואָס צוקריכט אונטער די פיס, אָן אַ פעסטן אָנשפּאַר פאַר׳ן

טראָט, נאָר שטענדיקער טאָפּטשן אין אייביק־רירעוו־דיקער מאַסע — ביז מען ווערט פאַרשלונגען און פאַר־זונקען. פּאַרטייאישעם דענקען איז בטבע ענטוועדער פאַנאַטישעם אָדער אָפּאָרטוניסטישעם דענקען. ענט־וועדער יעדע אידייע מוז זיך בויגן פאַר׳ן פּראָגראַם, אָדער מיט יעדער פּאַרטיי־מאַנעוורע בייט זיך די אידעאָלאָגיע.

ניט קיין אידייען, נאָר שוים פון אידייען — אָט דאָס איז אַלץ וואָס עס קען שאַפן דאָס פּאַרטיי־דענקען און פּאַרטיי־פילאָזאָפירן.

„עס איז ניט גרינג זיך פונאַנדערצולייבן אין זיינע טעאָריעס — שרייבט אין איין אָרט זשיטלאָווסקי וועגן דעם „בונד“ — זיין גרוים האָט ער באַוויזן ניט אין דעם שטודיר־צימער פון טעאָרעטישן שאַפן, נאָר אויפ׳ן קריגספעלד פון פּראַקטישער אַרבעט“. אָט די כאַראַק־טעריזירונג פון דעם בונד פּאַסט זיך ניט ווייניקער פאַר זשיטלאָווסקי׳ן אַליין.

פערציג יאָר איז זשיטלאָווסקי אָפּגעשטאַנען אויפ׳ן קריגס־פעלד, און דאָס האָט געגעבן דעם שטעמפּל צו זיין גאַנצן שאַפן.

עס איז ניט געווען קיין צייט אין מיטן שלאַכט צו בויען פעסטע בנינים. זיינען זיינע טעאָרעטישע בנינים ניט מער ווי צונויפגעקלאַפּטע ביידלאך — די סוכות פון פערציק יאָר פּאַרטיי־מדבר.

אויב אָבער די פּאַרטייען האָבן ביי אים אַזוי פיל צוגענומען, האָבן זיי אים ניט ווייניקער געגעבן.

וואָרים ווען ער וואָלט געבליבן שטיין אַליין וואָלט זיין איינפלוס אין דערהויבן אונזערע געוואוינהייטן פון טראַכטן און טעאָרעטיזירן זיך געווים ניט אויסגע־שפּרייט אַזוי ווייט און ברייט.

עס איז פאַראַן נאָך אַ צווייטער פּאַרדינסט וואָס שטעלט זשיטלאָווסקי׳ן אויבן־אָן צווישן די שעפער פון דער יונגער אידישער קולטור — זיין פאַרדינסט פאַר דער אידישער שפּראַך. זשיטלאָווסקי איז דער שעפער פון דעם אינטעלעקטו־עלן סטיל אין אידיש. אייגנטלאך איז דאָס צווייטע אַרויסגעוואַקסן פון דעם ערשטן. ווען עס איז געבאָרן געוואָרן דער נייער געדאַנקען־גאַנג, האָט ער זיך גענויטיגט אָנקליידן אין אַ מלבוש, האָט ער גע־מוזט קריגן אַ שפּראַכלאַכע פאָרם. און זשיטלאָווסקי האָט אויך די נייע שפּראַך־פאָרם באַשאַפן.

זשיטלאָווסקי איז דער שעפער פון דעם פּראָזע־סטיל אין אידיש. דער אימאַזשינערער סטיל, דער סטיל פון דער שיינער ליטעראַטור, האָט אַ סך מייסטער אַרויסגעגעבן און איז די אַרבעט פון אַ סך מייסטער־הענט. אָבער דער אינטעלעקטועלער סטיל, דער סטיל פון דער פּובליציסטיק, פון דעם אַבסטראַקטן געדאַנק — דאָס האָט זשיטלאָווסקי אַליין געשאַפן. און ביז היינ־טיקן טאָג איז ער זיין גרעסטער מייסטער געבליבן. ערשט נאָך זשיטלאָווסקי׳ן איז עס מעגלאך געוואָרן צו שרייבן פּובליציסטיק אין אידיש, און נאָך לאַנגע דורות פון אידישע שרייבער — אויב זיי וועלן נאָך זיין — וועלן גיין צו אים זיך לערנען ווי צו פירן אַ פּען אין אידיש.

א געדאַנקען־סטיל און א שפּראַך־סטיל — וועלכע צוויי גרעסערע בייטראַגן קען איינער ברענגען א ליטעראַטור?

אידישע שרייבער האָבן א טבע שנעל אַלט צו ווערן. אונזער לעבן בייט זיך שנעל און לאָזט זיי הינטן. דר. זשיטלאָווסקי איז אויך פון דעם דאָזיקן שיקזאַל ניט אַנטרונען. איר לייענט זיינע ווערק און זיי קלינגען שוין ווי פון א ווייט־אָפּגערוקטער צייט. פּאַרטיי־געקלאַפּער, שוים פון פּאַרטיי־אידייען. אָבער ווען אַלע זשיטלאָווסקי׳ס אידייען וועלן שוין זיין פאַרגעסן, וועט נאָך אין דער גאַנצער אידישער ליטעראַטור אַלץ שלאָגן פריש דער גרויסער, מעכטיקער, פּאָעטישער ריטם פון זיין געדאַנקען־גאַנג און די וואונדערבאַרע שפּראַך, וואָס ער האָט אים אָנגעקליידט *).

---

*) זע: „דר. זשיטלאָווסקי אַלס מעאָרעטיקער פון נאַציאָנאַליזם“, אין „דיכטער און וועלטן“.

# אפרים משה ליליען

פון אַלע פאַרבן אויף דעם מאַלער׳ס ברעטל האָט זיך ליליען אויסגעקליבן נאָר איינע — שוואַרץ; פון אַלע פאָרמען אין דעם קינסטלער׳ס קעניגרייך האָט ער זיך גענומען בלויז — די איינפאַכע ליניע.

די שוואַרצע ליניע — די שוואַרצע ליניע אויף ווייסן פאַפיר — אָט דאָס איז געווען גאָר דער געצייג, מיט וועלכע ער האָט אַ לעבן אָפּגעאַרבעט. אַן אָרימער באַגאַזש, דוכט זיך. דאָך, מיט דעם דאָזיקן קאַרגן פאַרמעגן האָט ער באַוויזן דעם וואונדער צו ווערן דיכ־טער ביי אַ פאָלק — דעם אידישן פאָלק, און פאָעט פון אַ קלאַס — דעם אַרבעטער־קלאַס.

און נאָך איינגעמען אַ שטיק וועלט אַלס צוגאָב. וואָרים חשוב איז ליליען׳ס פּלאַץ ביים אידישן פאָלק. ווייניק גלייכע צו זיך האָט ער געהאַט ביים אַרבעטער־קלאַס. גרויס און אָנגעזען איז ער אין דער קינסטלערי־שער וועלט בכלל.

אַ קאַפּריזנעם קינסטלער־מזל האָט ליליען געהאַט. פון איין זייט האָט ער אים איינגעטיילט אַ חלק פון שווערע ליידן, ליידן וואָס האָבן זיין טאַלאַנט שיר ניט פאַרניכטעט נאָך איידער ער האָט אויפגעבליט; פון דער אַנדער זייט האָט ער אים אין שוים געוואָרפן

אַזעלכע מתנות, וואָס פאַלן נאָר זעלטן אוים אויפן חלק פון אַ קינסטלער, און צולעצט האָט דער שיקזאַל ווידער זיין געניאַד פון אים אָפּגעטאָן, און ליליען איז געשטאָרבן פאַרבלאָסט, האַלב פאַרגעסן, כאָטש ער איז געשטאָרבן נאָך זייער יונג.

קיינמאָל האָט נאָך אַ קינסטלער ניט געהאַט קיין ערגערן אָנהויב ווי ליליען. געבאָרן געוואָרן איז ער אין דראָהאָביטש, אַ קליין, אָרים, פרום אידיש גאַליציש שטעטל, ערגעץ נעבן די קאַרפּאַטן-בערג. מיט וואָס האָט אַ יונגער-קינסטלער-טאַלאַנט געקענט זיך דאָ שפּייזן, אויף וואָס געדייען? קיין קינסטלערישע סביבה, קיין קינסטלערישע טראַדיציעס, קיין קינסטלערישע פאַרשטענדניש, אפילו קיין קינסטלערישע באַדערפע־נישן זיינען דאָ ניט געווען. פאַרקערט, מאָלן ביל־דער איז געווען אַ זינד, אַ געצנדינעריי. דער טאַטע איז געווען אַ פּשוט׳ער אָרימער טאָקער, ווי האָט ער געקענט זיין קינד פאַרשטיין, און ווי האָט ער אים געקענט העלפן? די בילדער אין טייטש-חומש — דאָס איז די גאַנצע קונסט וואָס דער יונגער ליליען האָט פאַר זיך געהאַט. קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס עס קומט פאָר אין דעם יונגן קינדישן הערצל, ווען ער פלעגט, אויסהערנדיק די מעשה פון דער אַלטער באָבע, אַוועקלויפן אין אַ ווינקעלע און די מעשה א ו י ס מ אָ ל ן. די אָרומיקע קאַרפּאַטן-נאַטור איז אויך געווען אָרים, נאַקעט, שטיינעריק, אָן מאַלערישקייט, אָן פאַרבן-רייכ־קייט צו רייצן און שפּייזן אַ קינסטלערישן גייסט. איז ליליען געוואָרן דאָס איינציקע וואָס ער האָט געקענט דאָרט ווערן — אַ מאַלער פון שילדן פאַר אידישע קרעמ־

לאַך. פיר מאָל האָט ער זיך אַרויסגעריסן אין דער ברייטער וועלט אַריין, קיין קראָקוי, קיין ווין, קיין מינכן, קיין בערלין — און אַלע פיר מאָל האָט ער זיך געמוזט שנעל אומקערן צוריק: די אָרימקייט האָט אים יעדעס מאָל צוריקגעשליידערט אין דעם אָרימען שטעטל. ביז מען האָט אים ענדלאַך אין דער וועלט דאָך אָנגעהויבן צו באַמערקן.

ביז אַהער האָט אים דער מזל געשלאָגן, פון דאַנען אָן אָבער האָט ער אים גענומען דינען.

גליקלאַך איז יענער קינסטלער, וואָס לעבט אין זיין פּאַסיקער צייט. און די צייט ווען מען האָט אין די קינסטלערישע קרייזן אין דייטשלאַנד גענומען באַמערקן דעם אידישן יונגענמאַן, איז געווען אַ מערקווירדיקע צייט. עס איז געווען אַ באַזעלטע, אַ נשמה׳דיקע צייט, אָנגעזאַפּט מיט רוחניות, אַ צייט פון יונגער, ראָמאַנטישער באַגייסטערונג, פון ריינעם, תמימות׳דיקן גלויבן אין שיינע אידעאַלן. אָט די אַלע אידעאַלן וואָס זיינען שוין היינט וואָכעדיק געוואָרן, וואָס ליגן שוין היינט צוטראָטענע, אויסגעוואַלגערטע אין שטויב און בלוט, זיינען נאָך דעמאָלט געווען אין זייער יונגען, קינדישן חן. אויף דער אידישער גאַס איבערהויפּט איז געווען אַ געוואַלטיקע אויפרעגונג פון גייסט. עס זיינען געווען די ערשטע טעג פון דער אַרבעטער באַוועגונג, עס זיינען נאָך געווען די ראָמאַנטישע מאָמענטן פון ציוניזם. אַזעלכע מאָמענטן פון באַגייסטערונג זיינען פאַראַן זייער ווייניק אין דער מענטשלאַכער געשיכטע. זיי לויכטן אויף העל און לעשן זיך אויס שנעל.

אַט די צייט איז געווען ליליען׳ס צייט. וואָס איז דער וואונדער, אַז זיין גייסט האָט אויסגעבראָכן מיט אַ גוואַלדיקער קראַפט ? איז ער דען אַליין ניט געווען אַ פּראָלעטאַריער ? האָט ער דען ניט זיין אייגענעם פאָטער אייביק אין דעם ווערקשטאָט געזען ? האָט ער דען ניט אויף זיך אַליין געפילט דעם דרוק פון דער היינטיקער אָרדנונג וואָס האָט שיר ניט זיין גייסט דערשטיקט ? האָט ער דען אַליין ניט אין טויזנטער פרומע תפילות גאָט געבעטן פאַר ציון, פאַר משיח׳ן, פאַר׳ן אויסלייזער פון פאָלק און מענשהייט ?

זעלטן איז אַ קינסטלער געווען מער צענויפ־געגאָסן מיט זיין צייט, ווי ליליען. די צייט האָט גערעט פון זיין הארצן אַרויס, און ער — פון דעם הארצן פון זיין צייט. דאָס וואָס אַנדערע האָבן געשריבן, האָט ליליען געמאָלן. דאָס וואָס אַנדערע האָבן דערציילט, האָט ליליען געוויזן. דאָס אויף וואָס אַנדערע האָבן אָנ־געשריבן דיקע ביכער, האָט ליליען אויפגעצייכנט אויף אַ קליינעם פּאָסט־קאַרטל אין שוואַרץ און וויים, וואָס האָט מיט דעם שאַרפן קאָנטראַסט זיך איינגעשניטן אין מוח, זיך איינגעביסן אין הארצן און געוויסן. די געוואַלטיקע פּראָטעסטן פון אַרבעטער־קלאַס, די שיינע האָפנונגען וואָס האָבן אומגעשוועבט אויף דער אידישער גאַס, האָט ליליען פאַנאַנדערגעטראָגן איבער דער וועלט — אויף אַ דינינקער פעדימל פון שוואַרצער פאַרב. דער אידישער פנים, פאַרגייסטיקט דורך ליידן ; דאָס אידישע געזיכט, פאַרפייניקט דורך אַרבעט ; די אידישע אויגן פאַר׳חלומ׳ט אין צער, האָבן גענומען אַרויסקוקן אויף אייראָפּא פון אַלע ווינקלען, וואו נאָר מען האָט

אַן עפּן געטאָן אַ קונסט-בוך, וואו מען האָט נאָר אַ בליק געטאָן אין אַ קונסט-פענסטער. זיי האָבן געקוקט און שווייגנדיק פּראָטעסטירט, געמאָנט, געפּריידיגט.

אָט דאָס איז געווען ליליען אויף זיין העכסטער קינסטלערישער מדרגה. אָבער צו דער דאָזיקער מדרגה ווער ווייס צי ער וואָלט זיך געווען דערהויבן, ווען ניט מאָרים ראָזענפעלד, דער דיכטער פון אידישן אַרבעטער. ווען ראָזענפעלד'ס לידער, דער ערשטער וויי-געשריי פון דער געטאָ אַרויס, האָבן געדאַרפט דערשיינען אין דייטש, איז ליליען גערופן געוואָרן צו מאָלן אילוסטראַציעס צו זיי. אַ קליינע פּאַסירונג, דוכט זיך, אָבער זי וועט שטענדיק ביי אונז זיין אַ היסטאָרישע פּאַסירונג. וואָרים ניט נאָר האָט דורך אים ליליען געפונען זיך אַליין, נאָר פון דאַנען הויבט זיך אָן קונסט אויף דער אידישער גאַס. ליליען'ס בילדער צו ראָזענפעלד'ס לידער זיינען געווען די ערשטע קונסט-בילדער, וואָס האָבן געקראָגן אַן אומגאַנג אין דער אידישער שכונה, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין אידישן הויז. נאָך מער, פון דער דאָזיקער קליינער פּאַסירונג הויבט זיך איבערהויפּט אָן די היינטיקע אידישע קונסט און עס באַווייזן זיך די ערשטע סימנים פון אַ בוואַאוסטזיניקן אידישן סטיל. היינט זיינען שוין פאַראַן אַ סך אידישע קינסטלער, אידיש אין זייער דערציאונג, אין זייערע טעמעס, אין זייער סטיל, אָבער זיי ציען אַלע זייער אָנהויב פון אָט דעם צוזאַמענטרעף פון ליליען און ראָזענפעלד.

ליליען איז אייגנטלאך אַלע מאָל געווען אַן אי-לוסטראַטאָר — צו פרעמדע טעמעס. ער האָט זייער

ווייניק אייגענע טעמעס געמאָלן. ער איז ניט געווען ווי אַנדערע קינסטלער, וואָס שעפּן פון זייער אייגענעם קוואַל, פון דעם אייגענעם האַרצן. ער איז געווען ווי יענע קלעטערדיקע פלאַנצן, וואָס קלאַמערן זיך אין אַ פרעמדן שטיינגל, אין אַ פרעמדן אָנשפּאַר. אפשר איז עס אים געקומען דערפון, וואָס ער איז געווען זיין איי־גענער לערער, האָט ניט געהאַט קיין פירער און וועג־ווייזער, האָט צו־לאַנג געטאַפּט אין דער פינסטער און אַזוי אַרום פאַרלאָרן זיין אינווייניקסטע זיכערקייט און זעלבסטשטענדיקייט; ער איז דעריבער זעלטן אויף זיינע אייגענע פיס געשטאַנען. זיין ערשטע באַרימט־קייט האָט ער געקראָגן אַלס צייכענער אין זשורנאַלן, אַלס אילוסטראַטאָר צו ביכער. יענע טיפע ליבשאַפט פון דעם אַלטן אידישן שטעטל צום בוך, וואו אַ בוך איז ניט געווען קיין בוך, נאָר אַ „ספר“, האָט ליליען מיט זיך געבראַכט קיין אייראָפּא און האָט זי אויסגעגאָסן אויפן דייטשן, אויפן אייראָפּייאישן בוך. ער האָט עס באַמאָלן, באַפּוצט און באַצירט, ביז אַ בוך איז געוואָרן אַ ליבע־זאַך פאַרן אויג, אַ קונסט־ווערק צום אָנזען, פּונקט ווי אַ קונסט־ווערק צום לייענען. די „בוך־קונסט“, אַן אַלטע, שיינע, רייכע קונסט אין אייראָפּאַ, וואָס איז פאַרלאָרן געגאַנגען ווען דאָס בוך איז אַרויס פון האַנט און איז אַריין אין דער מאַשין, האָט ליליען אויף דאָס ניי געהאָלפן אויפצעוועקן און באַלעבן.

ליליען האָט זיך דאָ באַרימט געמאַכט, אָבער גע־ווען איז ער דאָ אַ גר, געאַרבעט אין אַ פרעמדן וויינ־גאָרטן. ער האָט געמאָלן פון דייטשן לעבן אין גרי־כישן סטיל — אָבער ווי קומט דער אינגל פון קליינעם

אידישן שטעטל צום דייטשטום און גריכנטום? ווי האָט ער זיי געקענט אויפפאַסן, ווי אַזוי אויסדריקן? בלויז די קראַפט פון טאַלאַנט איז אים בייגעשטאַנען. דער בלויזער כח פון קינסטלערישן גייסט האָט אים מיט זיין האַנט געפירט. אָבער זיין אמת'ער טאַלאַנט, זיין אמת'ער גייסט איז געבליבן געבונדן — אַ געפאַנגענער.

ביז עס איז געקומען די אידישע טעמע און האָט אים באַפרייט.

די ערשטע אידישע טעמע האָט אים אונטערגעטראָגן — אַ גוי. עס איז געווען דער דייטשער באַלאַדן-מייסטער בערים מינכהאוזען. מינכהאוזען האָט אָנגעשריבן „יודאַ", אַ בוך באַלאַדן אויף אַלט-אידישע טעמעס, און גערופן ליליען צו מאָלן די בילדער דערצו. דער גוי וואָס איז געגאַנגען אויפן אידישן פעלד, האָט באַגעגנט דעם אידן, וואָס האָט געאַרבעט אויפ'ן גויאישן געביט.

צום ערשטן מאָל האָט ליליען געפונען אַ טעמע, וואָס איז אים נאָענט געווען, אַ ביבלישע טעמע: נאָענט אָבער דאָך וויט, פון די וויטע פאַרגאַנגענע צייטן. ערשט אין ראָזענפעלד'ן, ווען מען האָט אים גערופן צו באַמאָלן די „לידער פון דעם געטאָ", האָט ער זיין אמת'ן אויסלייזער געפונען.

אין ראָזענפעלד'ן האָט זיך ליליען ברודער מיט ברודער באַגריסט. בלוט-אייגענע האָבן זיך די הענט געדריקט. פון אמעריקא, פון יענער זייט אָקעאַן, איז די שטימע געקומען; אָבער ליליען האָט די שטימע

דערקענט, ווי אַ נאָענטע, ווי אַן אייגענע. דאָס איז דאָך געווען די שטימע פון זיין אייגענעם האַרצן, פון זיין אייגענעם לעבן. ער האָט געקענט די שפּראַך, ער האָט געוואוסט די מענטשן, ער האָט געפילט דעם וויי־געשריי. ווי ליליען אַזוי איז אויך ראָזענפעלד אַ פאַרפייניקטער אידישער טאַלאַנט געווען; ווי ליליען אַזוי האָט אויך ראָזענפעלד זיך אין בייןקשאַפט פאַר־גאַנגען נאָך שענערע, בעסערע וועלטן. ראָזענפעלד — דאָס איז דאָך ליליען אַליין געווען.

אין ראָזענפעלד׳ס מאָטיוון האָט ליליען צום ער־שטן מאָל זיינע אייגענע מאָטיוון געמאָלן. דער פרעמ־דער שלייער פון איבער זיין גייסט איז פּלוצלונג אַרונ־טערגענומען געוואָרן און ליליען איז אין זיין פולסטער קראַפט אויפגעשפּרונגען, פונקט ווי די צייטיקע בלום פּלאַצט אַרוים פון איר קנאָספּע.

צום ערשטן מאָל באַווייזט זיך ליליען׳ס הויפּט־איינגנשאַפט — די גייסטיקייט. ראָזענפעלד׳ס לידער זיי־נען די גרענעץ: אויף יענער זייט איז ליליען מער קער־פּערלאַך; אויף דער זייט — מער גייסטיק. זיינע אי־דישע געזיכטער, זיינע אידישע אידייען זיינע גאָלע רוחניות, פאַרקערפּערטער גייסט. אָפטמאָל דוכט זיך, אַז ליליען האָט גענומען אַ שטיק גייסט און עס נאָר איינגעראַמט אין אַ דינער, פיינער, שוואַרצער ליניע. ווער עס וויל זען דעם אמת׳ן ליליען, דער זאָל פאַר־גלייכן די גרופּע „פויערים וואָס שטימען אָפּ איבער קריג", וואָס ער האָט געצייכנט פאַרן בערלינער „פאָר־ווערטס", און די גרופּע אידישע געזיכטער אין דעם בוך־

שטעמפל, וואָס ער האָט געמאָלן פאַר א אידישן שרייבער. אין אַ קלײנינקן שטח האָט ליליען אַרײנגעמאָלט אין ערשטן דרייצן דייטשע געזיכטער, אין צווייטן — עלף אידישע. ביידע זיינען זיי וואונדער פון מייסטערשאַפט. יעדעס געזיכט מיט זיין באַזונדער כאַראַקטער און באַזונדער שטימונג. אָבער די ערשטע זיינען קערפּער געמאָלן פון דרויסן; די אַנדערע זיינען גייסט, געדיכטעט פון טיפער אינוויניקייט.

זעלטן האָט זיך ליליען אומגעקערט צו אַ ניט־אידישער טעמע נאָך זיין צוזאַמענטרעפונג מיט ראָזענפעלד'ן. אַ גאַנצע ריי מיט יאָרן האָט ער געשאַפן אין דעם אימפּעט, וואָס ראָזענפעלד האָט אים געגעבן. ביז ער איז געוואָרן דער שוואַרץ־ווייס דיכטער פון איד און אַרבעטער.

און אָט איז געקומען די וועלט־מלחמה. פערציק יאָר איז ליליען אינגאַנצן אַלט געווען ווען די מלחמה איז געקומען. ליליען איז געווען אין זיין בליענדסטער קראַפט. ער האָט נאָך געקענט לאַנג און פיל שאַפן. דאָך האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. די נבואה האָט זיך פון אים פלוצלונג אָפּגעטאָן, און ווען ער איז געשטאָרבן, אינגאַנצן איין־און־פופציק יאָר אַלט, איז זיין גלאַנץ שוין לאַנג אויסגעלאָשן געווען.

מיר האָבן אויבן געזען: די צייט האָט ליליען געמאַכט וואָס ער איז געווען, די שיינע אידעאַלן, די הערלאַכע טרוימען. די מלחמה האָט יענע טרוימען אויסגעלאָשן.

און ווען די שיינע טרוימען זיינען געשטאָרבען, ווי
האָט ליליען׳ס גייסט געקענט בלייבן לעבן ?

# דער ענין אַלגין

אַלגין.

ביי אַ טייל פון אונזער יוגנט אַ פירער, אַ לערער, אַ וועגווייזער.

אַ דעה־זאָגער אין אונזער ליטעראַטור, אַ באַפעלער אין אונזער גייסטיקען לעבן.

אַ מענטש וואָס האָט נאָכפאָלגער, אַ רבי מיט תלמידים, אַ געצקע, אַן אָראַקל וואָס מענטשן הענגען אויף זיין וואָרט.

אין וועלכן זכות? מיט וועלכן כח?

ווער איז אַלגין?

---

צו דערקענען אַ גרויסן מענטשן פאָדערט זיך ניט פיל. אַ פיר מיט דער האַנט, אַ פינטל מיט'ן אויג, אַ קער, אַ שטעל, אַ קליינער, קאַרגער זשעסט זיינען אָפט גענוג צו לאָזן דערשפירן די גרויסע פערזענלאַכקייט. דער גרויסער אָראַטאָר האָט שוין באַצוואונגען זיין עולם נאָך איידער ער האָט געעפנט דאָס מויל. דער גרויסער שוישפילער שפילט שוין מיט אייער האַרץ, ווען ער איז נאָך אויפ'ן שוועל פון זיין ראָל. דער טאַלאַנטפולער

פירער הערשט שוין איבער אייך, ווען ער שיינט נאָר אויף אויפן הייטל פון אייער אויג. דער נביא ווירקט אויף אייך און איז גאָר ניטאָ דערביי. ער איז ריז אפילו ווען ער ליגט אַריינגעשליידערט אין קעניגס גרוב. זיין שפּראַך שפּאַלט הימלען אפילו ווען ער שטומט אונטער ריגל און שלאָס. גרויסקייט ווירקט אוממיטל־באַר און דירעקט. איהר ווייסט ניט פון וואַנען, איר ווייסט ניט ווי אַזוי. עס דערפילט זיך אינטואיטיוו, מען דאַרף עס ניט טייטלען. איר קענט דעם גרויסן מענטשן ניט פאַרזען אפילו ווען איר קוקט ניט אויף אים; איר קענט אים ניט אויסמיידן אפילו ווען ער איז טויזנט מייל ווייט.

איז אַלגין אַ גרויסער מענטש?

קיין פירער און קיין מייסטער, קיין כהן און קיין גדול, קיין נביא און קיין מלך האָבן קיינמאָל ביי אונז אַזאַ זכות ניט געהאַט, ווי אונזער היינטיקער העלד — אַלגין. ניט פון אַ גרוב האָט ער געדאַרפט ריידן און ניט פון הינטער ריגל און טויער איז זיין קול געגאַנגען; אויף די הויז־דעכער איז ער געשטאַנען און די ברייטע סקווערן פון די גרויסע מעטראָפּאָלן זיינען געווען זיינע פּלאַטפאָרמען. ריזיקע פאַרזאַמלונגען זיינען פון זיינעט־וועגן צונויפגעפּויקט געוואָרן, מיליאָנען בלעטער האָבן זיינע רייד ברייט און ווייט צעטראָגן. סיסטעמאַטיש, אין משך פון פופצן, צוואַנציק, פינף און צוואַנציק יאָר.

סיסטעמאַטיש, אין משך פון פופצן, צוואַנציק, פינף און צוואַנציק יאָר זיינען צוויי פון די וויכטיקסטע אי־דישע צייטונגען געווען אַלגינס פּוס־בענקעלע. פריער

דער „פאָרווערטס“, די גרעסטע אידישע צייטונג אין דער וועלט; דערנאָך די „פרייהייט“ — באַדייטנד אויף איר אייגענעם שטייגער. זיין בעסטן טאַלאַנט אויף רעקלאַמע האָט דער „פאָרווערטס“ פאַרווענדט אָלגינ׳ען גרויס צו מאַכן. די גרעסטע אידישע צייטונג אין דער וועלט איז איינפאַך פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אָלגינ׳ס לייב־אָרגאַן. אָלגין איז קיינמאָל ניט אַרונטער פון טאָגאָרדענונג פון „פאָרווערטס“. אָלגין גייט, אָלגין שטייט, אָלגין רעדט שוין ענגליש, אָלגין איז שוין אַריין אין קאָלעדזש — די געוויינלאַכסטע זאַכען, וואָס טויזנטע זעכצן־יעריקע אידישע אינגלאך מאַכן דורך יעדן יאָר, זיינען אין אָלגינ׳ס פאַל געוואָרן פאָלקס־טעמעס. זיין יעדער קער, זיין יעדער ריר איז פאַנאַנ־דערגעטראָגן געוואָרן אין די מאַסן — שיער ניט ווען אָלגין האָט אַ נייע פּאָר שיך געקויפט.

און ווען דער „פאָרווערטס“ האָט אויפגעהערט, האָט די „פרייהייט“ אָנגעהויבן. דאָ קלינגט עס אויך יאָר־איין יאָר־אויס אין איין קול: דער רבי גייט, דער רבי גייט, דער רבי איז געקומען...

קיין קינסטלער און קיין מייסטער, קיין מלך און קיין נביא האָבן ביי אונז אַזאַ זכות ניט געהאט. און דאָך, ביי אָט דעם גאַנצן ליאַרעם, ביי אָט דער גאַנצער געצן־דינעריי — האָט עמיצער ווען פון אים יענעם ציטער דערהאַלטן, וואָס רעדט פון גרויסקייט? האָט ווער עס איז, כאָטש איינער, אין גאַנצן אידישן גבול ווען געקראָגן דאָס געפיל, אַז אין אָלגינ׳ען לעבט מיט אונז אַ גרויסע, כאָטש אַ באַדייטנדע פערזענלאַכקייט?

## איז אַלגין אַ גרויסער שרייבער?

צו דערקענען אַ גרויסן שרייבער פֿאָדערט זיך ניט פֿיל. אַ בלעטל, אַ שורה, אַ זאַץ, אָפּטמאָל נאָר אַ קנייטש פֿון אַ וואָרט איז גענוג צו לאָזן דערשפּירן דעם גרויסן מייסטער. ניט קיין ביכער, ניט קיין בענדער ווערק זיינען נויטיק צו דערציילן אונז, ווער ס'איז גרויס און ווער ס'איז קליין אין דער ליטעראַטור. אין די מוזייען פֿון דער וועלט ליגן שטיקלאַך פֿיגורן, אָפּטמאָל נאָר אַ פּאָר אָפּגעבראָכענע פֿינגער פֿון אַ האַנט, און די קליינע ברעקלאַך זיינען גרויסע קונסטווערק. אין די ביבליאָטעקן פֿון דער וועלט ליגן געציילטע בלעטלאַך, אָפּטמאָל נאָר קאַרגע שורות פֿון דענקער און קינסטלער, פֿון וועלכע מיר ווייסן ניט דעם נאָמען, ניט דעם געביין, און דאָך ווייסן מיר, אַז דאָס זיינען גרויסע ווערק פֿון גרויסע קינסטלער. די קינסטלערישע נשמה איז ברייט ווי די וועלט, אָבער זי קען זיך באַזעצן אויפֿ'ן שפּיץ פֿון אַ נאָדל. אַזוי ווי יעדער טראָפּן טוי נעמט אַריין די גאַנצע זון, אַזוי אַנטהאַלט יעדע קליינע פּראַזע דעם גאַנצן גרויסן קינסטלער.

און אויך דאָ איז די מאָס — די אינטואיציע, דאָס דירעקטע, אוממיטלבאַרע געפֿיל. פֿאַלש זיינען אַלע ליטעראַרישע מאָסן, ליגנעריש אַלע ליטעראַרישע שולן, וועלכע גיבן אייך אַן אַרשין אין האַנט צו מעסטן ליטע־ראַטור אויסוווערטיק. עס איז נאָר דאָ איין אמת'ע מאָס: דער קלאַנג, וואָס אַ ווערק מאַכט אין אייער נשמה, דער טאָן, וואָס עס שלאָגט אָן אין אייער וועזן. די ווירקונג פֿון קונסט, ווי די ווירקונג פֿון פּערזענלאַכער

גרויסקייט, איז אוממיטלבאַר, דירעקט, געהיימניספול. איר ווייסט ניט פון וואַנען און איר ווייסט ניט ווי אַזוי.

איז אַלגין אַ גרויסער שרייבער ?

פּופּצן, צוואַנציק צי דרייסיק יאָר אַז אַלגין שרייבט. אין מיליאָנען צייטונגס-נומערן צו מיליאָנען מענטשן איז זיין וואָרט פאַנאַנדערגעטראָגן געוואָרן. יעדעס מאָל, וואָס עס האָט געדאַרפט עפּעס קומען פון זיין פּעדער, איז עס מיט טעג פאָרויס צעפּויקט געוואָרן, ווי אַ גרויסע בשורה. אָבער ביי אַלעם דעם צי האָט עמיצער וועגן פון אים געקראָגן יענעם געהיימען געפיל, וואָס איז אַ קינסטלערישע איבערלעבונג ? יענעם שטילן צויבער, וואָס ווייעט אַרויס פון דעם גרויסן וואָרט, פון דעם גרויסן ווערק און לייטזעליקט און דערהויבט ? צי לעבט ערגעץ אַ נשמה וואָס איז אַזוי טעמפּ, אָדער אַזוי פאַרפיינערט, אַז אַלגינ׳ס אַ שריפט האָט ווען עס איז אין איר אויפגעוועקט אַ קלאַנג אָדער אָנגעשלאָגן אַ טאָן ?

פאַרמאַכט, לעזער, די אויגן און פאַרטראַכט זיך איבער אַ גרויסן שרייבער, וואָס איר האָט געלייענט. ווי דורך אַ כישוף הויבן אָן אויפצושטיין אין אייער קאָפּ געדאַנקען, בילדער, מענטשן, סצענעס, עפּיזאָדן, וואָס איר האָט פון זיינע ווערק אַריינגעזויגן אין זיך. ווי דורך אַ כישוף הויבט אָן אויפצוטויכן אין אייער וועזן יענע אייגנאַרטיקע שטימונג, וואָס איז געווען אייערע בשעת איר האָט געלעבט מיט די בלעטער פון יענעם קינסטלער. אָבער פּרואווט און טוט דאָס מיט אַלגינ׳ען. יאָרן און יאָרן, אַז מען לייענט אים. יאָרן און יאָרן, אַז

ער שרייבט אַלץ: דערציילונגען, „לידער״, פּובליציס־טיק, זשורנאַליסטיק, קריטיק: אָבער צי דערציילט עמיצער זיינע אַ דערציילונג, צי זינגט עמיצער זיינס אַ ליד, צי טראַגט עמיצער זיינעם אַ געדאַנק אין קאָפּ? און ווען איינער וועט ריידן וועגן דער אידישער ליטע־ראַטור — צי וועט אים גאָר איינפאַלן אַריינצונעמען אַלגינ׳ס „לידער אין פּראָזע״ אַלס אַ טייל פון איר פּאָ־עזיע; צי וועט עמיצן גאָר אויפ׳ן געדאַנק קומען, צו שטעלן אַלגינ׳ען דעם דערציילער, צווישן אירע דער־ציילער? פאַראַן שרייבער, וואָס איר קענט זיי ניט אויסמיידן אין אַ ליטעראַטור. דאָסזעלבע איז אויך פאַרקערט: עס זיינען דאָ מענטשן וואָס שרייבן און שרייבן און קאָנען זיך בשום אופן ניט צוקלעפּן צו דער ליטעראַטור. און —

אַלגין איז אַזאַ מענטש. אַלע זשאַנרן האָט ער געשריבן. אָבער מען דאַרף נאָר נעמען אַלגינ׳ס „פּאָ־עזיע״ און זי שטעלן ביי דער זייט פון רייזענ׳ס; אַל־גינ׳ס דערציילונגען און זיי פאַרגלייכן מיט שלום־עליכמ׳ען און פּרצ׳ען, אַלגינ׳ס פּובליציסטיק און זי שטעלן נעבן יצחק אייזיק׳ס, מען דאַרף נאָר באַנוצן אָט די מעטאָדע פון איינפאַכן דירעקטן פאַרגלייך, און דער גאַנצער אַלגין צערינט אין רויך...

זאָלן די גייסטער פון פּרץ און שלום־עליכם מוחל זיין פאַר דעם גראַטעסק צו באַנוצן זיי פאַר אַזאַ פאַר־גלייך, אָבער כדי צו פאַרטרייבן דעם טייוול מוז מען זאָגן — שדי...

היינט אויב אַזוי — פון וואַנען און צו־וואָס דער פאַראַד און געצענדינערייי אַרום אַלגינ׳ען?

נאָר אפשר איז אַלגין אַ גרויסער קריטיקער?

נאָר לאָמיר זיך מער ניט פאַרלאָזן אינגאַנצן אויף'ן אינטואיציוון געפיל און אויף דער אַנאַלאָגיע. לאָמיר נעמען זיינע ווערק אין האַנט און לערנען אַ בלעטל אַלגין.

און לאָמיר אים דאָ נעמען אין זיין איצטיקער פאַזע, אין זיין נייסטן גלגול, אין זיין גלגול אַלס טעאָרע־טיקער און אידעאָלאָג פון פּראָלעטאַרישער קולטור און פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור.

אין וואָס באַשטייט דער גרויסער שטרייט־פונקט צווישן די אָנהענגער פון דער פּראָלעטאַרישער און די אָנהענגער פון דער אַזוי־גערופענער בורזשואַזער אידעאָלאָגיע פון ליטעראַטור?

ווען מען צעטרייבט די וואָלקנס פון פראַזן־רויך, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אַרום דער דאָזיקער פראַגע, טרעט דער נאַקעטער פאַקט אַרויס אומגעפער אַזוי:

די אָנהענגער פון פּראָלעטאַרישער קולטור זאָגן, אַז נאָר דער אַרבעטער־קלאַס איז אַ טעמע פאַר דער קונסט, און דער צד שכנגד טענה'ט, אַז אַלע קלאַסן זיינען עס.

קיינמאָל האָבן די „בורזשואַזע" טעאָרעטיקער ניט אויסגעשלאָסן דעם אַרבעטער קלאַס מיט זיינע נויטן אַלס טעמע פאַר ליטעראַרישער קונסט.

קיינער פון די בורזשואַזע טעאָרעטיקער ניט. אָבער הערט און שטוינט: אַלגין — יאָ, דוקא אַלגין — דער פרומער אַפּאָסטאָל פון "פּראָלעטקולט".

שרייבט אַלגין:

„מענטשן! — דאָס הייסט אָבער אַזוינע, וואָס ס׳איז כדאי וועגן זיי צו ריידן. פאַראַן גאַנצע מיליאָנען, וואָס זיינען ניט אינטערעסאַנט. איבערהויפּט די גאַנצע מאַטעריעלע סביבה זייערע איז ניט אַזוי וויכטיק. דאָס הייסט, וויכטיק איז זי יאָ, מען מוז זאָגאַר קעמפן פאַר אַ בעסערן מאַטעריעלן לעבן, אָבער דער דיכטער האָט דאָ ניט אויף וואָס אָפּצושטעלן זיך. נו, אָרים, הונגעריק, עס טוען וויי די ביינער — ווער ווייס(ט) דאָס ניט?"

עס קלינגט אומגלויבלאַך, אָבער אויף זייטל 166 אין אַלגינ׳ס בוך „אין דער וועלט פון געזאַנגען", געפינען זיך די דאָזיקע ווערטער אָפּגעדרוקט שוואַרץ אויף ווייס.

מ׳דאַרף ניט זיין קיין בורזשואַ; מ׳דאַרף זיין אַ טאַלאַנטלאָזער קויל־שטרוי צו זאָגן, אַז די מיליאָנען אָרימע מענטשן מיט זייער מאַטעריעלער סביבה, מיט זייער הונגער און זייערע ווייען זיינען ניט אינטערעסאַנט אָדער וויכטיק אַלס קינסטלערישע טעמע. ווער קען דען אָנווייזן גרעניצן דער קונסט? צי קען דען דער מייסטער ניט באַשאַפן אַן אומשטערבלאַך ווערק איבער דער פאַראַיאָריקער פליג, איבער דעם שערבל, וואָס איז אַמאָל אַ קרוג געווען, אָדער וועגן דעם רויך, וואָס איז שוין לאַנג צערונען צווישן די וועלטן?! און דאָס שרייבט אַ קריטיקער, און דאָס שרייבט אַ מענטש, וואָס פּרעטענדירט אַליין אויף דיכטונג און אויף שיינער ליטעראַטור, אויף „דערציילונגען, לידער אין פּראָזע" א. אַז. וו., א. אַז. וו., א. אַז. וו.

מערקט: ווער זיינען עס די „גאַנצע מיליאָנען, וואָס זיינען ניט אינטערעסאַנט“ און וואָס „די גאַנצע מאַטעריעלע סביבה זייערע איז ניט אַזוי וויכטיק?“

דאָס זיינען די מיליאָנען, וואָס „האָרעווען“, וואָס זיינען „אָרים, הונגעריק“, וואָס „עס טוען זיי ווי די ביינער“ — זיי זיינען עס, וואָס „דער דיכטער האָט דאָ ניט אויף וואָס אָפּצושטעלן זיך“.

אַזוי שרייבט אַלגין, דער אַפּאָסטאָל פון פּראָלעטאַרישער קולטור. --

און ווען, מיינט איר, האָט עס אַלגין אַרויסגעזאָגט אָט די ליכטיקע געדאַנקען?

„אין דער וועלט פון געזאַנגען“ איז געדרוקט געוואָרן אין יאָר 1919 — צוויי יאָר נאָך דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, ווען אין רוסלאַנד האָט עס שוין געברענט מיטן קאַמף אַרום פּראָלעטאַרישער און בורזשואַזער קולטור.

ווי קען אַ מענטש וואָס האָט אַזוי געדענקט, געפילט און געשריבן אין 1919, זיין אַזאַ הייליקער קאָמוניסט און פייערדיקער פּראָלעטקולט-פּריידיקער אין 1926?

האָט דער קריטיקער פון דער „נאָוואָיע וורעמיא“ ווען אַזעלכעס געשריבן אין די ערגסטע צאַריסטישע צייטן? האָט דער הייסעסטער טעאָרעטיקער פון יונקערטום ווען אַזעלכע געדאַנקען אַרויסגעזאָגט? נאָר פון אַ פּסיכאָלאָגיע, וואָס איז אין איר טיפסטן וואָרצל בורזשואַז און אַנטי-פּראָלעטאַריש

האָט אַזאַ טעאָריע וועגן פּראָלעטאַריאַט און קונסט ווי אָלגינ'ס געקענט געבאָרן ווערן. דער בורזשואַזער קריטיקער איז ניט אַזוי אומפּראָלעטאַריש, ווי אָלגין.

מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען, וואָס פאַר אַ גרויסע געשעעניש אין דער אייראָפּייאישער ליטעראַטור, אין דער בורזשואַזער אייראָפּייאישער ליטעראַטור, עס איז געווען דאָס אָנקומען פון גאָרקי'ן מיט זיינע טעמען פון די אָרימע אונטערוועלטן, פון האָופּטמאַנען מיט זיינע „וועבער", פון וואָירדסוואָירטה מיט זיין „אידיאָטישן אינגל", פון הוגאָ, זאָלאָ, דאָסטאָיעווסקי און אַנדערע אָן אַ שיעור. דוקא ביי די „אָרימע מענטשן", ביי די „ים-אַרבעטער", אין די פאַבריקן, האָט די ליטעראַטור פון 19טן און 20טן יאָר-הונדערט איר גרעסטע טעמע געפונען. אָבער פאַר אָלגינ'ען איז דאָס אַרבעטער-לעבן קיין טעמע ניט פאַר קונסט.

ווער איז יאָ, לויט אָלגינ'ס מיינונג, די אמת'ע טעמע פאַר אַ דיכטער ?

מיר לייענען אויף זייטל 167 :

„זעט איר, אַן אַנדער זאַך איז שוין נשמה. אָט זיצט זיך אַ איד אַ קרעמער, אַן עני, אַ דלפון, אין אַ וויסט אידיש געסל, און וואַרט אויף אַ קונה. אין דרויסן איז פינסטער און נאַס. דעם קרעמער איז קאַלט און אומעטיק, אָבער טוט אַ קוק וואָס פאַר אַ חלומות ער חלומט ! וועגן אַ אידישן קעניגרייך, אַ „מלוכה פון גאונים, אַ מלוכה פון מלכים אַליין", וועגן רייזיקע מעשים, וועגן אַ גוואַלדיקן שטרייט פון אַ אידישן חיל

קעגן שונא, אַ שטרייט פון ליבן, פון העלדן, פון גבורים. אָהאָ! אָט דער קרעמער איז גאָרניט אַזאַ קבצן, ווי איך דאַכט זיך!"

עס הייסט, אַלזאָ, אַז די סביבה פון מיליאָנען אָרי־מע, הונגעריקע, צעוויטאָקטע האָרעפּאַשניקעס איז ניט אינטערעסאַנט פאַר אָלגינ׳ען. אָבער דער חלום פון דעם קרעמער וועגן אַ „מלוכה פון מלכים אליין" (גאָרניט קיין פּראָלעטאַרישע מלוכה) — דאָס איז אינטערע־סאַנט פאַר׳ן אַפּאָסטאָל פון „פּראָלעטקולט".

און אָט זיינען נאָך אַ פּאָר „טיפּע" ציטאַטן פון אָלגינ׳ען:

„דאָס וואָס אַ מענטש איז שווער צו זיצן ביי דער מאַשין און ס׳ברעכט אים יעדער אבר איז אַ סימפּל עמפּינדונג און איז אַן און פאַר זיך פּונקט אַזוי אינ־טערעסאַנט און פּאָעטיש וויכטיק, ווי אַ שטייגער צאָן־ווייטיק". (דאָרטן, 132).

„און אַזוי איז אויך מיט קאַמפּס־מאָטיוון. עס איז אַזוי פּשוט, אַזוי אָדם־נאַקעט די עמפּינדונג פון האַס צום רייכן, וועלכער לעבט פון מיין פּראַצע. און עס איז אַזוי עלעמענטאַר דער באַשלוס צו פּאַראייניקן זיך מיט די איבעריקע אַרבעטער כדי אָנצולערנען דעם „באַס". אָבער מיר, די היינטיקע אינטעליגענטע לע־זער, ווייסן דאָך שוין דאָס אַלעס!" (134).

אָבער:

„אַז אין „שמחת בית השואבה" לאָזן זיך אידן אוועק טאַנצן — אָט די כשל ברך׳ס „גאָט׳ס קאָזאַקן"

מיט די צוטרייסלטע פאות, מיט די לאנגע טלית קטנ׳ס, מיט די פאטשיילעס אין די הינטערשטע קעשענעס, און זיי שטעלן פאלקעס — איז דאס ניט פשוט טאנץ: אידן זיינען דאך שיכור ניט פון וויין!״ (דארט, 167).

אזוי שרייבט אלגין. וואס פאר אינטערעס קען אלגין האבן אין דעם וואס אן ארבעטער זיצט ביי דער מאשין און ס׳ברעכט אים יעדער אבר? אדער אין דעם פארלאנג פון די ארבעטער צו פאראייניגן זיך קעגן „באס״? דאס אינטערעסירט אים פונקט ווי צאן־ווייטיק. דערפאר אבער גיט אים „גאט׳ס קאזאקן״, צוטרייסלטע פאות, אידישע פאלקעס — אט דאס איז פאעזיע פאר׳ן אפאסטעל פון פראלעטארישער קונסט!

ווען מען זאל וועלן זיך חקר׳נען איבער דער דאזיקער, מ׳שטיינס געזאגט, „ליטעראַרישער עסטעטיק״ אלגינ׳ס, וואלט מען דאך געקענט קומען צו אזא לאגישן אויספיר: ווען עס זאל, טעארעטיש גערעדט, געוועזן פאסירן, אז אלגין זאל געוועזן זיין דער רעדאקטאר איבער דער פאעזיע פון דער וועלט, וואלט ער, דער אפאסטעל פון פראלעטארישער ליטעראטור, דאך ניט געוועזן דורכגעלאזט קיין אמת פראלעטארישע טעמע, קיין ליד וואס זינגט פון דעם ווייטיק אין דעם ארבעטער׳ס אברים, קיין דערציילונג וואס רעדט פון הונגער און קעלט אין ארבעטער׳ס וואוינונג, קיין זאך וואס וועקט צו פאראייניגונג קעגן „באס״.

והא ראיה: פון ראזענפעלד׳ן האט ער א תל געמאכט, אבער ביאליק׳ס נאציאנאלע לידער האט ער אין די וואלקנס געהויבן.

מען וועט געווים פרואוון קומען מיט'ן באַנאַלן פזמון: אַלגין האָט דאָך געקענט בייטן זיינע מיינונגען. פון 1917 אָן איז „בייטן די מיינונג" און „איינזען דעם טעות" געוואָרן אַ פּאַרטיכל צו פּאַרדעקן יעדע שאַנד. אָבער דאָ האַנדלט זיך עס דאָך ניט פון קיין מיינונגען. דאָ האַנדלט זיך עס דאָך גאָר וועגן קונסט-געפיל, וועגן געשמאַק. אויב דער אַרבעטער-קלאַס האָט ניט געקענט רייצן קיין דיכטערישע פעדער אין 1919, מיט וואָס איז ער אַנדערש געוואָרן אין 1926? אויב צו־שויבערטע פּאות און צופלאָסענע טלית-קטנ'ם זיינען געווען אַזוי ענטציקנד שוין מיט פינף יאָהר פריער, וואָס זיינען זיי פּלוצלונג געוואָרן אַזוי עקלהאַפט מיאוס מיט פינף יאָר שפּעטער? איז זאַלץ געווען געזאַלצן אין 1919 און איז געוואָרן זיס אין 1926? ווי זאָגט דער נביא: „קען דער לעמפּערט בייטן זיינע פלעקן?"

און עס פרעגט זיך:

ווי אַזוי האָבן געקענט אַזעלכע צוויי פולשטענדיקע היפּכים געפינען פּלאַץ אין איין און דעם זעלבן מענטשן, אַרויספליסן פון איין און דעמזעלבן האַרצן, פון דער־זעלבער נשמה? ווי אַזוי האָט אַלגין געקענט זיין אַזאַ פאָלשטענדיקער קאָנטראַסט צו אַלגינ'ען?

קיין נשמה וואָס איז טיף, קיין האַרץ וואָס איז עכט, קיין מענטש וואָס איז אינערלאַך צונויפגעגאָסן מיט זיין ווערק וואָלט ניט געקענט געבערן אַזאַ וויסטע אומגערעטעניש. אַן אמת'ער געשמאַק וועט זיך ניט צונויפשמעלצן מיט אַ שטאָף וואָס איז פרעמד זיין נאַטור, אַזוי ווי בוימל וועט זיך ניט צונויפגיסן מיט

וואַסער. די אמת׳ע פּערזענלאַכקייט וועט בלייבן גע־
טריי צו זיך אַליין, אפילו דורך לאַנגע וואַנדלונגען.

אָבער אין אַלגינ׳ס נשמה איז עס מעגליך געווען,
ווייל אין אַלגינ׳ס נשמה איז ניטאָ קיין וועזנטליכעס
פילן און דענקען, נאָר — טשאַד און כאַאָס.

וואָרים אַלגין איז ניט קיין פּערזענלאַכקייט. ער
איז ניט פאַרוואָרצלט אין אַ געשמאַק. ער איז ניט
טיף, ער איז אין ערגעץ ניט פאַראַנקערט אין זיין איי־
גענער נשמה. דעריבער איז ער נאָר אַ שפּילצייג פון
פאַרשידענע געדאַנקען, אַ לעבלאָז שפּענדל אויף די
כוואַליעס פון אידייען, דעריבער קען אַלגין אָפּלייקענען
אַלגינ׳ען, דעריבער קען אַלגין אָ פּ נ אַ ר ן אַלגינ׳ען.
אַלגין איז זיין אייגענער ליגנער.

אָט איז זיין קאַפּיטל „פון פּראָלעטאַרישן שטאַנד־
פּונקט" אין זעלבן בוך. ער לאַכט דאָרט אויס
דעם פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט. ער רעדט מיט
שפּאָט פון דעם איין סאָרט ליטעראַטור, וועלכן
ס׳וועט באַוויליגן צו באַשטימען
פאַר אים, דעם אַרבעטער, אַ קריטיקער „פון פּראָלע־
טאַרישן שטאַנדפּונקט". די גענזנפּיסלאַך זיינען אַל־
גינ׳ס — כדי צו באַטאָנען זיין שפּאָט און חוזק איבער
דעם קריטיקער פון פּראָלעטאַרישן
שטאַנדפּונקט. לייענט די דאָזיקע ווערטער
און לייענט אַלגין איצט — צי לאַכט דאָ ניט איין אַלגין
אויס דעם אַנדערן?

אין 1922 שרייבט אַלגין זיין „וועגווייזער צו דער
רוסישער ליטעראַטור" — דאָס האַלב-געבאַקענע בוך

פאַר ניט-דערבאַקענע אינטעליגענטקעס. מיט איין האַנט האָט ער געשריבן פּראָלעטקולט אַרטיקלען, מיט דער אַנדערער דעם „וועגווייזער". וואו איז אין דעם דאָזיקן גאַנצן בוך פאַראַן כאָטש די מינדסטע אָנצוהער־רעניש אויף אַ פּראָלעטאַרישן שטאַנדפּונקט ? צי ווערט דאָרט כאָטש דער מינדסטער פאַרזוך געמאַכט צו ציען אַ קלאַסן-ליניע אין דער ליטעראַטור ? נישט דער קלענ־סטער. אפילו די שרייבער, וואָס זיינען דערקלערט גע־וואָרן פאַר קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן, ווי מערעזשקאָוו־סקי, קופּרין, אַנדרייעוו, באַהאַנדלט ער מיט זיין גע־וויינלאכער סאכאַרינענער סענטימענטאַליטעט, אין דעם געוויינלאַכן קאָנסערוואַטיוון קוק. ווייל זיינע פּראָלעט־קולט-טעאָריעס זיינען ניט מער ווי אידייען-שוים, ווייל זיין פּראָלעטאַרישקייט, ווי אַלע אַלגינ׳ס אידייען, איז ניט עכט, ניט טיף, ניט פאַרוואָרצלט אין הויט און ביין.

קיין זאַך איז אין אַלגינ׳ען ניט פאַרוואָרצלט — ווייל עס איז קיין באָדן ניטאָ אין וואָס די וואָרצלען צו שלאָגן. ער איז שיטער ווי וואַסער און דין ווי אַ בלעזל. זיין גאַנצער צענדליק בענדער איז דאָך נאָר אַזוי רייך ווי יענע באַרימטע געריכטס, וואָס דער פוקס האָט צוגעגרייט פאַר׳ן שטאָרך. קיינער האָט נאָך קיינ־מאָל פון אים ניט אויפגעפּיקט אַ קערנדל געדאנק אָדער אַ יאָדער געפיל. אַלגינ׳ס שיטערקייט און גרינגקייט זעען זיך אין ערגעץ ניט מער יאָמערלאך אַרויס ווי אין זיינע „באַגרינדונגען", טאַקע פון דער פּראָלעט-ליטעראַ־טור-טעאָריע. אַן ענין וואָס גייט ביז די טיפסטע גרונטן פון מענטשלאכן וויסן און דענקען, וואָס דערלאַנגט ביז די סאַמע יסודות פון מענטשלאכער פּסיכאָלאָגיע, זעט

ווי ער פטור'ט עס אָפּ: „עס איז פאַראַן אַ קאַפּיטאַ־ליסטישער קלאַס — הייסט עס ביי אים אָבער און ווי־דער — און אַ פּראָלעטאַרישער קלאַס, און צווישן זיי די אינטעליגענץ"... און דאַן אַ שמיר אַהין, אַ שמיר אַהער און די טעאָריע איז פאַרטיק. ביז איבערדריי־סיקייט, ביז איבל האָט ער שוין דעם דאָזיקן פּזמון ווי־דערהאָלט, אַ פּזמון וואָס ער קען ניט פאַרטיפן מיט קיין געדאַנק און קען ניט דערהויבן מיט קיין וויזיע. קיין פאַרזוך אויף גרינטלאַכקייט, קיין פּרואוו אויף וויסנשאַפטלאַכער אחריות. און דאָס — טראָץ אָלגינ'ס פיל פאַרליאַרמטער געלערנטקייט. צענדליקע אידישע אימיגראַנטן־קינדער לויכטן מיט זייער גאונות אין דער אַמעריקאַנישער קולטור־וועלט, און לויכטן אין דער שטיל. איין אָלגין האָט געלאָזט פאַרטומלען די וועלט מיט זיין אוניווערזיטעט, מיט זיין דאָקטאָר־טיטל, מיט זיין געלערנטקייט. אָבער אַ פּאַפּירענע רויז איז פיל מער ענלאַך אויף דער נאַטירלאַכער, ווי אָלגין איז ענ־לאַך אויף אַ געלערנטן. ביי זיין גאַנצן אָפּערירן מיט ביכער, האָט זיך ניט אַ הויך פון אמת'ן בוך־גייסט אין אים אָנגענומען. ער איז אפשר געזעסן איבער ביכער, אָבער אויסווייטיקן אידייען — דאָס האָט ער ניט. מען קען אַ לעבנלאַנג זיין אַ גאָלד־גרעבער און דאָך בלייבן אַ קבצן. און ווייל ער האָט ניט געוואוסט דעם צער פון אמת'ן דענקען און איז געבליבן אַזאַ בלוטיקער קבצן פון געדאַנק, דערפאַר איז אים אַזוי גרינג צו פּראָ־לעטקולטעווען און פריידיקן האַס צו דער גאַנצער וועלט־קולטור. טראָץ זיין גיין מיט'ן ביכל אונטער'ן אָרעם, האָט זיך אין אים גאָרניט איינגעוואַקסן פון געלערנטן

גייסט, פון געלערנטער גרינגלאַכקייט, ווייל קיין זאַך
קען זיך ניט איינוואַקסן אין אַלגין׳ען — אַזוי שיטער
איז ער, אַזוי דין און וואַסערדיק איז ער.

וואַסער איז זיין געדאַנק, וואַסער איז זיין געפיל,
וואַסער איז זיין שפּראַך. אַ ל ג י ן א י ז ד ע ר
ו ו אַ ס ע ר - פּ י ר ע ר אין דער אידישער ליטעראַטור.

ביי אַז גרינגקייט און ליידיקייט וואָס איז דער
חידוש, וואָס אַלגין קען שרייבן איבער אַלץ און אין אַלע
זשאַנרן? און — פון אַלע שטאַנדפּונקטן? זעט ווי ער
אַנאָנסירט זיינע ווערק: „דערציילונגען, פּאַסירונגען,
רייזע בילדער, באַטראַכטונגען, לידער אין פּראָזע, פּאָר-
טרעטן", און ליטעראַרישע קריטיק, און פּאָליטישע אַר-
טיקלען, און עקאָנאָמישע און גלאַט פּובליציסטיק, און
א צוגאָב נאָך — געשיכטע. און אַז שעקספּיר׳ס פּלאַץ
איז ליידיק געוואָרן, אַ דאַנק דער פּראָלעטקולטישער
קריטיק, האָט ער זיך אונטערגענומען אויף דראַמאַ-
טורגיע אויך. צוויי סאָרטן מענטשן קענען שרייבן
אַלע ליטעראַרישע זשאַנרן: דער געניאַלער טאַלאַנט —
ווייל צו וואָס ער זאָל זיך ניט צורירן, וועט ער אַריינ-
געבן עפּעס פון זיין גרויסקייט דערין; און די געניאַלע
טאַלאַנטלאָזיקייט — ווייל צו וואָס ער וועט זיך ניט
נעמען וואָס איז דער חילוק?

און ווי מיט אַלגין׳ס פאָרמע אַזוי מיט אַלגינס אינ-
האַלט: ער קען שרייבן פאַר פּראָלעטאַרישער ליטעראַ-
טור און קעגן, פאַר באָלשעוויזם און קעגן, פאַר מלחמה
און קעגן, פאַר׳ן קרעמער און קעגן, פאַר די „יונגע" און
קעגן, פאַר קאַהאַנען און קעגן, פאַר׳ן „ביטל בריף" און

קענען, און וועגן אַלץ מיטן זעלבן פּאַטאָס. מיטן זעלבן היסטערישן פּאַטאָס וואָס ער האָט פּאַראַיאָרן באַשריבן דעם „פּאָרווערטס-באַל" וועט ער הײַ-יאָר באַשרײַבן דעם „פרײַהײט-באַל". און מיט דערזעלבער התפּעלות, מיט וועלכער ער רעדט וועגן דער רוסישער רעוואָלוציע רעדט ער וועגן „קעמפּ-ניט-געדאַיגעט".

בײַ אַ שרײַבשטעלער מיט כאַראַקטער קען אַזאַ זאַך ניט געמאָלט זײַן. אָלגין פאַרמאָגט אָבער ניט קיין ליטעראַרישן כאַראַקטער, קיין ליטעראַרישע פּערזענלאַכקייט. אָלגין איז — אַ פּעדער הינטער וועלכער עס איז קיין מענטש ניטאָ.

דעריבער האָט ער קיינמאָל ניט קיין אָריגינעלן געדאַנק, און קיינמאָל ניט קיין אייגענע אָריענטאַציע. שטענדיק ריידן נאָר פרעמדס און פרעמדע דורך אים: אַ פּוסטע ר'ערל, וואָס קען אַרויסלאָזן אַ ניגון ווען עמיצער פּײַפט אין איר אַרײַן.

קענען „אַרויסלאָזן אַ ניג'עלע" — אָט דאָס איז אַלץ וואָס אָלגין קען. איך מיין דאָ זײַן סאַכאַרין-זיסע שפּראַך. פאַרשידענע קאַריערן זײַנען געמאַכט געוואָרן דורך פאַרשידענע מיטל: איינע דורך אַ פּאָר שיינע אויגן, אַ צווייטע דורך שיינע ציין, אַ דריטע דורך אַ פּאָר וואָנצעס. אָלגין האָט געמאַכט זײַן קאַריערע דערמיט, וואָס ער האָט אויף זײַן גאַנץ לעבן באַהאַלטן דעם סענטימענטאַלן סטיל פון אַ דרײַצן-יאָריקן אינגל. ער איז געווען אַ ווײַכער זיפצער אויף טעגלאַכע טעמעס. עמיצער האָט וועגן אָלגין'ען ריכטיק געזאָגט: ער נעמט אַ פאַקט, באַנעצט עס מיט אַ טרער, באַשיט עס

מיט צוקער און עס איז פאַרטיק זיין סטיל. פאַראַן שרייבער וואָס טונקען זייער פעדער אין בלוט; אַנדערע — אין טינט. אַלגין האָט זיין פעדער געטונקען אין — האָניג.

אב. קאַהאַן האָט אַזאַ פעדער געדאַרפט, און אב. קאַהאַן האָט אונז מזכה געווען מיט אַלגינ׳ען.

אַלגין איז קאַהאַנ׳ס זינד.

און אונזער שטראָף.

פאַר וועלכע זינד?

ווען מען רעדט וועגן אונזער קולטורעלער שפלות ווייזט מען געוויינלאך אָן אויף אונזער שונד-טעאַטער און אויף אונזער ביליגער פרעסע. דאָס איז אַ טעות. ניט זיי זיינען די מאָס. שונד-פרעסע און שונד-טעאַטער זיינען פאַראַן ביי די קולטורעלסטע פעלקער. די ריכטיקע מאָס איז דאָס וואָס גייט אונטערן נאָמען און אונטער דער פאָן פון קולטור. און ווען אַ ל ג י ן איז ביי אונז קולטור, ווען ע ר איז עס דער גייסטיקער פירער פון אונזער אינטעליגענץ, ווען ער באַלעבאַטעוועט עס אין אונזער גייסטיקן לעבן — אָט ד אָ ס איז די מאָס פאַר אונזער קולטורעלער שפלות.

און נאָר אין אַזאַ קולטורעלער שפלות האָט עס אַלגין געקענט ווערן אַ „לערער“ און „וועגווייזער“ ביי אונז און אַ דעה-זאָגער אין אונזער גייסטיקן לעבן.

# אידישיזם און פראָלעטקולט

די אידישע ליטעראַטור איז אַ גאָרטן אָן אַ צאַם. אירע וועגן ליגן אָפן פאַר יעדן: ווער עס וויל דער קומט אריין און פאַרפלאַנצט זיין דאָרנבוש; ווער עס האָט חשק דער פאַרשטעקט אַ דאָרן שטאָק און זאָגט: אַ בליענדער מאַנדלבוים.

און פאַרליבטע גייען אַהין אויף פראָמענאַדן, און פאַרליבטע זיינען בלינד; קוויקט מען זיך מיט די שמעקעדיקע ריחות פון דערנער און מען קילט זיך אין די שאָטנס פון קוואָרע שטעקנס. שטיינער ווערן רויזן און טרוקענער זאַמד ווערט גאָלדענער שטויב.

דער מענטש וואָס האָט ווייניק און באַנוגנט זיך, איז אַ פילאָזאָף; דער וואָס האָט ווייניק און רעדט זיך איין אַ סך, איז אַ נאַר. דער וואָס האָט אַ סך און קוויקט זיך מיט קלייניקייטן — ווי זאָל איך אים רופן?

מיר, בנוגע דער אידישער ליטעראַטור, האָבן געקענט זיין פילאָזאָפן. מיר האָבן זיך אָבער אויסגע-קליבן די ראָלע פון דעם נאַר, און נאָך אפשר ערגער.

ניטאָ נאָך אַ ליטעראַטור אין דער וועלט וואו עס זאָל הערשן אַזאַ תהו ובהו, אַזאַ צעמישעניש פון ווערטן, ווי אין דער אידישער ליטעראַטור. ניטאָ נאָך אַ ליטע-

ראַטור ביי קיין אומה ולשון, וואָס זאָל זיין אַזוי טראַ־ דיציעלאָז ווי אונזערע, וואו דער סטאַנדאַרד, די „פּאָ־ דערונגען" זאָלן זיין אַזוי קליין, אַזוי נידעריק, ווי ביי אונז. קינדער אין די וויגן וואָלטן ביי אונז געקענט דורכגיין דעם עקזאַמען פון ליטעראַטן. קינדער אין די וויגן טוען עס טאַקע ביי אונז. קינדער אין די וויגן ווערן ביי אונז בפירוש גערופן — קומט, ווערט אונזערע שרייבער; קומט, קעניגט איבער אונז...

מיט אַ מאָדנער זשעדנעקייט וואַרפט מען זיך ביי אונז, די ביסל וואָס לייענט, צו יעדן נייעם נאָמען, וואָס באַווייזט זיך אין דרוק; מיט אָפענע מיילער, אָן אי־ בערקלייבן, שלינגען מיר יעדע זאַך, וואָס דער דרוק טראָגט אונז אונטער; מיט אַ געפאַלענער אונטערטע־ ניקייט שפּרייטן מיר גוזמאות צו די פיס פון יעדן ניי־ געקומענעם: אַ גדול, אַ האַר, אַ נשיא אין דער ליטע־ ראַטור...

וואָס איז דען געשען ביי אונז — צי האָבן מיר קיינמאָל קיין שרייבער ניט געזען? צי ווייסן מיר ניט וואָס ליטעראַטור איז? צי האָבן מיר קיינמאָל קיין ספר אין די אויגן ניט אָנגעקוקט?

מיר זיינען פּרינצן פון ליטעראַטור, הערשער, מלכים, און מאַכן זיך צו בעטלער, און צום — נאַר.

די נאַרישקייט נעמט זיך קודם כל, פון דעם — „אידישיזם".

עס האָט פּאַסירט ביי אונז אַ היסטאָרישע פּאַסי־ רונג — מיר האָבן געקראָגן אַ נייע אָריענטאַציע בנוגע דער אידישער שפּראַך. אַ סך סיבות האָבן עס גורם

געוועז: פּאָליטישע, עקאָנאָמישע, סאָציאַל־פילאָזאָפי־שע. געווים אַ געשעעניש פון העכסטער באַדייטונג אין אידישן קולטור־לעבן.

האָט מען אָבער גענומען אַזוי דרינגען: מיר האָבן אַ קיימא לן, אַז אַלע לייטישע שפּראַכן האָבן גרויסע ליטעראַטורן. אידיש האָט נאָך ניט קיין גרויסע ליטע־ראַטור. מוזן מיר זיך נעמען שאַפן אַ ליטעראַטור!

מיר ווילן האָבן אַ ליטעראַטור אין אידיש, אַ גרוי־סע, אַ מעכטיקע, אַ צעצווייגטע. געווים אַ שיינער אימ־פּולס און אַ לויבנסווערטער. אָבער וואו און ווען האָבן מענטשן זיך אַוועקגעזעצט און געזאָגט: קומט, לאָמיר שאַפן ליטעראַטור?

אין ערגעץ ניט, אויסער ביי אונז.

איז די אידישע ליטעראַטור ביי אונז אין דער בחינה פון אַ ציטעריק קינד: מיר זיינען אַזוי גערן צו זען זי געדייען, אַז מיר צ ו ו י נ ג ע ן זי צו וואַקסן...

צוויי זאַכן זיינען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן ערשטן פעריאָד פון אידישיזם. דער אידישיסטישער לעזער פלעגט קויפן אידישע ביכער פון מצוה וועגן, און דער אידישער קריטיקער האָט קריטיקירט פ ן מצוה וועגן. דער אידישער קריטיקער האָט זיך אויסגעאַרבעט אַ טעאָריע: עס איז דאָך אַ נייע ליטעראַטור, אַ יונ־גינקע, אַן אָנפאַנגערין, אַ פיצל קינד און אַ פאַרשפּע־טיקטס, נעבאַך, לאָמיר זיין גוט צו איר, מען דאַרף נישט פאַרלאַנגען צופיל...

אַזוי האָט מען, באַוואוסט און אומבאַוואוסט, טעאָרעטיזירט, און אַזוי האָט מען פּראַקטיצירט — ביז היינטיקן טאָג.

אָט דאָס איז געוואָרן די עסטעטיק פון דער אידישער קריטיק.

אַן עסטעטיק פון מצוות...

אַזוי ווי די דאָזיקע טעאָריע איז קאָמיש, אַזוי איז זי אויך פאַלש. וואָס הייסט עס אידישע ליטעראַטור — אַן אָנפאַנגעריין? ערשטנס איז שוין היינט קלאָר, אַז אפילו מיט פופציק יאָר צוריק איז די אידישע ליטעראַטור, ד. ה. די ליטעראַטור אין אידיש, שוין געווען אַ גאַנץ אַלטע. צווייטנס, אויב דער אינסטרומענט איז אַ נייער, צי דאַרף די מלאכה גופא צוריקפאַלן צו דער מדרגה פון אַ התחלה?

אידן האָבן אָנגעהויבן שאַפן ליטעראַטור אין אידיש פאַרהעלטניסמעסיק ניט לאַנג צוריק. צוגעגעבן, אַז עס איז אַזוי. אָבער מיטן ענין ליטעראַטור זיינען זיי זיך דאָך שוין מטפל באַלד אַ קיימא לן פון פיר טויזנט יאָר! פיר טויזנט יאָר! אידן האָבן געהאַט פאַרשיידענע עפּאָכן און האָבן געשריבן אין פאַרשיידענע שפּראַכן, זיינען זיי אין יעדער עפּאָכע און אין יעדער נייער שפּראַך געוואָרן אויף דאָס ניי אַלף־בית אינגלאַך?

עס קומט אַמאָל אוים צו לייענען: דאָס איז דאָס שענסטע ליד אין אידיש, דאָס איז די בעסטע דערציילונג אין אידיש, אָדער דאָס איז דאָס ערשטע ווערק פון זיין מין אין אידיש. דאָס איז אַ ליטעראַרישע מאָס;

אָבער עס קען אויך זיין: „דאָס שענסטע ליד ב י י א י ד ן, די בעסטע דערציילונג ב י י א י ד ן. דאָס ערשטע ווערק פון דעם מין ב י י א י ד ן — און דאָס איז אויך אַ ליטעראַרישע מאָס. אַלס אַ מאָס פון קריטיק סתם — וועלכע פון די צוויי איז די ריכטיקערע, וועלכע פון די צוויי דאַרף זיין דער אידעאַלער קריטעריום פון אונזער קריטיק — דאָס בעסטע אין אידיש, אָדער דאָס בעסטע ביי אידן?

עס קענען קיין צוויי ענטפערס ניט זיין.

צו דער אידישיסטישער טעאָריע פון אונזער ליטעראַטור איז צוגעקומען נאָך אַ צווייטע מחלה — די פּראָלעטאַרישע.

עס איז געשען אַ גרויסע געשיכטלאַכע געשעעניש: דער פּראָלעטאַריאַט האָט זיך דערהויבן. האָבן מיר אָבער אַ קימא לן, אַז ווער עס איז דערהויבן, יענער דאַרף האָבן אַ ליטעראַטור. אַלע דערהויבענע האָבן עס געהאַט, פאַרוואָס זאָלן מיר ניט האָבן? הויבט זיך אויף אַ געשריי: פּראָלעטאַרסקויו ליטעראַטורו פּאַדאַוואַי!

איז אָבער מיט ליטעראַטור אַזוי ווי מיט ליבע: מען קען עס ניט צווינגען. עס דאַרף קומען פון זיך אַליין. איז אָדער עס קומט אָדער עס קומט ניט. מיט דעקרעטן קען מען אַלץ טאָן, נאָר צוויי זאַכן ניט. מען קען פאַרניכטן טראָנען, מען קען צעברעקלען אימפּעריעס, מען קען אומשאַפן סאָציאַלע אָרדנונגען; מען קען אָבער ניט צווינגען אַ האַרץ צו ליבן און דעם ים צו בלייבן שטיין. און אַ דריטע זאַך קען מען מיט קיין

דעקרעט ניט באַפעלן — שאַפונג, קונסט, טאַלאַנט.

וואָס געשעט אָבער?

אַן אַלטע עצה: איז ניטאָ קיין פיש, טאָ לאָמיר כאָטש ריידן פון פיש.

רעדט מען. איז ווי נאָר עס באַווייזט זיך אַ ליד מיט „סטרייק" דערינען, אָדער „רעוואָלוציע"; אָדער אַ דערציילונג מיט „האָרעפּאַשניק" אָדער „אַרבעטער מאַסן" — צעבלאָזן זיך אַלע שופרות און עס צעפּויקן זיך אַלע פּויקן: אַ נייער שטערן! אַ נייע לבנה! אַ זון אַ גאַנצע!

און עס באַגרייפן ניט די מענטשן, אַז וויפיל זיי וועלן ניט ריידן פון קיין פיש, וועט מען עס מיט קיין גאָפּל אַלץ ניט קענען אָננעמען, און וויפיל זיי זאָלן ניט פּויקן וועט מען אַלץ אויף דער לבנה ניט הערן. דורך דעקרעט און פּויק ווערט קיין קונסט ניט געשאַפן. עס דאַרף קומען אַליין, פון זיך. איז אָדער עס קומט אָדער עס קומט ניט. עס ווענדט זיך נאָר צי דער גרויסער טאַלאַנט איז געבאָרן געוואָרן. און אַז דער פּראָלעטאַריאַט קען אַרויסגעבן טאַלאַנטן, דערויף דאַרף מען קיין באַווייזן ניט ערשט. דאָס האָט מען געוואוסט נאָך אין דער בורזשואַזער צייט. און ווען דער אמת'ער טאַלאַנט וועט קומען, איז נאָך אויך קיין ראיה ניט, אַז ער וועט שאַפן דוקא פּראָלעטאַרישע ליטעראַטור. עס קען געשען ער זאָל שאַפן אַנטי־פּראָלעטאַריש, פּונקט אַזוי ווי אמת'ע טאַלאַנטן אין דער בורזשואַזער צייט האָבן אָפט געשאַפן אַנטי־בורזשואַזיש. און אפילו דאָ וועלן קיין דעקרעטן ניט העלפן. דער ק י נ ס ט ל ע ר

אליין וועט זיך ניט קענען העלפן. דער אמת'ער טאַלאַנט קען פּונקט אַזוי ווייניק באַאיינפלוסן זיין ווערק ווי די בלום איר ריח.

וואָס איז דער רעזולטאַט?

אַ צעמישונג פון באַגריפן. עס איז פאַרלאָרן געוואָרן דער טעם אין מויל און דער חוש הריח אין נאָז. מ'קען נישט משפּט'ן וואָס איז וואָס. וואָס איז אויבן איז אונטן, און וואָס אונטן איז אויבן. אַז אומליטעראַטור איז געוואָרן ליטעראַטור, איז ליטעראַטור געוואָרן אומליטעראַטור.

קומען אַרויס די קאָמישסטע קוריאָזן:

אָט לייען איך ביי בערגעלסאָנ'ען די בשורה: אַ נייער טאַלאַנט אַנטדעקט, אַ נייע עפּאָכע אין דער אידישער ליטעראַטור אין סאָוויעט-רוסלאַנד. מ'מעג שוין אין אַלע אַנדערע אידישע לענדער אַוועקלייגן די פעדערם: דער און דער, אַ ניינצן-יעריקער אינגל, האָט געשריבן וועגן הערבסט-בלעטער ניט מער און ניט ווייניקער — „זשאַוועה קופּערנער"...

אַ קלייניקייט!... ס'מאַכט ניט אויס וואָס קופּערנער זשאַוועה איז גאָר — גרין. דערויף איז דאָך אין רוסלאַנד אַ פאַרקערטע וועלט.

און אָט לייען איך ביי אַ פּראָלעטאַרישן קריטיקער: מ'דאַרף אויף דעם פּאָעט „איקס" גוט אַכטונג געבן; אין זיינע לידער האָט זיך אָנגעהויבן הערן אַ טאָן פון בענקשאַפט — אַ בורזשואַזע חולאַת, פאַראַט צום פּראָלעטאַריאַט... און ווידער לייען איך ביי אַ

צווייטן קריטיקער: דער פּאָעט „פּיקס" איז געקומען צו שפּעט, ער „וועקט" ערשט בשעת דאָרט איז מען שוין אויפגעשטאַנען. העי, קאַנאַריק, גיב אַן אַנדער לידל...

האָבן מיר דאָ אַ ליטעראַרישן רעצעפּט און אַ קינסטלערישן קריטעריום: דער רעצעפּט — מ׳טאָר ניט בענקען. דער קריטעריום: אַ ליד קען ניט אַלט זיין דריי יאָר און זיין אַ גוט ליד.

אַבי „בורזשואַזע" קריטיקער האָבן געלערנט: יעדע קונסט האָט איר אָנהויב אין בענקשאַפט צו אַן אַנדער, צו אַ נייער ווירקלאַכקייט, און — וואָס איז איינ־מאָל ליטעראַטור איז אייביק ליטעראַטור, און וואָס איז ניט אייביק ליטעראַטור איז קיינמאָל קיין ליטעראַטור ניט געווען.

ליטעראַטור מיט גוטער שטימונג און ליטעראַטור A la minute — דאָס איז דער גרויסער לאָזונג פון אונזער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, אָבער מערקוויר־דיק: דאָס זיינען דאָך די פּרינציפּן, די ערשטע, פונ־דאַמענטאַלע פּרינציפּן פון אַנאָנסן־שרייבעריי, פון פּרעס־אַגענט־ליטעראַטור! דאָס זיינען די גוט־באַקאַנ־טע לאָזונגען פון דעם בורזשואַזן „געשעפטסמאַן":
.Keep Smiling און Up-to-date ; The latest

עס איז אַן אַלטער כלל: יעדע פירמע וויל פון אירע אַגענטן די ערשטע זאַך — זיין גוט אויפגע־לייגט. ווען ניט, שלאָגט מען אָפּ דעם מוט ביים קונה צו קויפן. און די סחורה דאַרף זיין — לויט לעצטן גע־שמאַק. די פלאַש פּאַרפום אָדער דער ציגאַר דאַרף

טראָגן דעם נאָמען פון דער גייסטער און פּאָפּולערסטער אַקטריסע.

און יעדע הערשענדע געזעלשאַפטלאכע אָרדנונג איז — אַ פירמע. די דייטשע מאָנאַרכיע איז געווען אַ פירמע. דער איטאַליענישער פאַשיזם איז אַ פירמע. דער באָלשעוויזם, להבדיל, איז אַ פירמע.

און אַלע פירמעס דאַרפן זיי זייערע אַגענטן און אַנאָנסן שרייבער, און אַלע פירמעס לערנען זיי זייערע פריקאַזטשיקעס: .Up-to-date

און למע"ה: Keep Smiling

אומעט איז שטרענג פאַרבאָטן.

און אַגענט-טאַלאַנטן זיינען פאַראַן אַ סך. כאַפּן זיי אויף דעם לאָזונג און ענטפערן געטריי:

גרייט צו דינען!

קינסטלער אָבער זיינען דאָ זייער ווייניק, ווייניקער ווי גאָלד און בריליאַנטן, און זיי קענען ניט שמייכלען ווען עס ווילט זיך אָדער ווילנען ווען עס לאַכט זיך, און זיי קענען אויך ניט שרייבן לויטן געשמאַק פון דער פּאָפּולערסטער מאָדע.

דער אמת'ער קינסטלער קען נאָר איין וועג — דעם וועג וואָס ער קען.

פּרוּווט זיך פאָרשטעלן טאָלסטאָי'ן אַלס דזשער־זשינסקי'ס אידעאָלאָג אין דער ליטעראַטור! אָדער ראָמען ראָלאַן — מוסאָליני'ס!

ביידע, אי די אידישיסטישע טעאָריע, אי די פּראָ־לעטאַרישע, זיינען אַ קונסט-טעאָריע פון פאַוואָריטיזם. אָבער פאַוואָריטיזם איז אַ גייסט, וואָס האָט קיינמאָל

גאָרניט געבערן; אַ גייסט וואָס פאַרדאַרבט זיין זאַך ווי דער הייסער מדבר־ווינט פאַרלענדט די בלום.

איך בין אַ אידישער לעזער, איך בין אַ אידיש קינד. איך בין דער יורש פון אַ קולטור פון באַלד פיר טויזנט יאָר. איך שטיי דאָ אין היינט, און דערלאַנג זיך הענט מיט אָדמ׳ס קינד, וואָס האָט נאָך נעבן טיר פון פאַרשפּילטן גן־עדן שוין געזונגען דעם ערשטן וויינ־געזאַנג *), און דערלאַנג זיך הענט מיט אים דורך אַזאַ יחוס־קייט ווי היינע, און שפּינאָזאַ, און ר׳ יהודה הלוי, און דער רמב״ם און רבי עקיבא און עמוס און משה — ווי קען מען מיר זאָגן מיין ליטעראַטור איז נאָך אַן אָנפאַנגעריין, אַ נייע, מ׳דאַרף נישט פאַרלאַנגען צו־פיל? ווען איך וויל זיך געווינען אַ שטאַנדפּונקט אין דער ליטעראַטור, ווען איך וויל דורכפירן מיין אויג איבערן ליטעראַרישן האָריזאָנט — וואו זאָל איך זיך שטעלן: אויפן באַרג סיני, אָדער אויפן היימישן בער־געלע מיסט?

איך דאָ, דוכט מיר, קענען קיין צוויי ענטפערס ניט זיין.

איך שטעל זיך אָפּ די פראַגע, ווי קומט עס, וואָס דער איד פון דעם עלטערן שניט, דער איד דער למדן, בלייבט אַזוי פרעמד דער אידישער ליטעראַטור? איז עס דערפאַר, וואָס ער האָט קיין געשמאַק ניט פאַר אַ גוטן ליד, אָדער אַ גוטער דערציילונג — ער, וואָס ווייקט זיך שטענדיק אין דער אַלטער אידישער פּאָעזיע,

*) עדה וצלה שמען קולי, נשי למך האזנה אמרתי.

ער וואָס האָט אַזוי ליב צו הערן און דערציילן מעשות ?

דער ענטפער איז — אַז אין פאַרגלייך מיט י ע ־ נ ע ר פּאָעזיע, מיט י ע נ ע מעשות און לעגענדן, מיט יענער טיפקייט, קינסטלערישער הויך און רייפקייט מיט וועלכער ער לעבט און איז אָנגעזאַפּט, איז פאַראַן זייער ווייניק אין דער אידישער ליטעראַטור וואָס קען אים אינטערעסירן.

אָט דער איד, דער אַלטער, דער למדן — ער איז דער אמת׳ער, דער אידעאַלער לעזער : ער לעזט נאָר זאַכן וואָס זיינען הייליק. ז י י ן שטאַנדפּונקט איז דער שטאַנדפּונקט פון וועלכן עס דאַרף אַרויסגיין דער אי־ דישער קריטיקער, נאָך מער, ז י י ן שטאַנדפּונקט איז דער שטאַנדפּונקט פון וועלכן עס דאַרף אויך, און א י ־ ב ע ר ה ו י פּ ט אַרויסגיין דער אידישער שרייבער.

וואָרום אין אונזער ליטעראַטור איז פאַרלאָרן גע־ גאַנגען אפשר דאָס טייערסטע, דאָס איידלסטע, וואָס דאָס אידישע פאָלק האָט געשאַפן אַלס יסוד פון קינסט־ לערישער עסטעטיק — דאָס איידעלע געפיל, אַז שרייבן, שאַפן, איז אַ מלאכת הקודש, אַ הייליקע, אַ געטלאַכע זאַך. אויף די אידישע בילדער וואָס זיינען געהאַנגען אויף אידישע ווענט זיינען די גאונים־סופרים געזעסן מיט פעדער אין האַנט און אין טלית און תפילין אי־ בערן קאָפּ. דער סופר פלעגט גיין זיך טובלען איידער ער האָט זיך געזעצט שרייבן...

איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן אַן עפּיזאָד אין מיין אַמאָליקן קליין שטעטעלע : מיינער אַ העברייאי־ שער לערער האָט זיך אָנגענומען מיט מוט צו שרייבן

אַ בריוו צו דער „הצפירה". דריי וואָכן איז ער טאָג און נאַכט געזעסן מיט יראה און געשריבן, און דריי וואָכן איז גאַנץ שטעטעלע געגאַנגען אויף די שפּיץ-פינגער: ששש... ער שרייבט אַ בריוו צו דער „הצפירה"...

וואו וואָלטן מיר איצט געהאַלטן און וויפיל וואָלטן מיר זיך עס געשפּאָרט ווען אַלע אונזערע שרייבער זאָלן האָבן אַזאַ געפיל ווענגן זייער באַרוף!

און אויך די קריטיקער. די קונסט איז אַ גן-עדן וואוהין בלויז צדיקים קענען אריין. און דער קריטיקער דאַרף שטיין מיטן בלאַנקן שווערד און באַוואַכן, היילי

נאָר אונזער קריטיק איז אַ פּאַטראָניזירנדיקע, אַ קאָמפּראָמיסלאַכע. איינער צוליב „אידישקייט", אַ צווייטער צוליב פּראָלעטאַרישקייט. אָבער אין אַלץ קענען זיין קאָמפּראָמיסן, נאָר אין צוויי זאַכן נישט:

געוויסן און געשמאַק.

אונזער קריטיק איז אַ קאָמפּראָמיס אין געשמאַק. און אפשר אין געוויסן אויך, וואָרים ווער-ווייס צי זיינען די צוויי סוף-כל-סוף ניט איינע און דיזעלבע זאַך.

קיין פּעולה ברענגט קיינעם ניט די קאָמפּראָמיס-לאַכע קריטיק. זי האָט ניט צוגעגעבן קיין קוצו של יוד צום טאַלאַנט פון פּרצ'ן און שלום-עליכמ'ען — זיי האָבן עס ניט געדאַרפט; און אויך ניט צום טאַלאַנטלאָזן און גראַפאָמאַן — זיי קען עס ניט העלפן. אָבער שאַדן האָט באַוואַכן דעם אריינגאַנג.

זי געבראַכט ניט אָפּצושאַצן: וואָרים אונזער ליטעראַ-
טור איז אָנשטאָט אַ הייליקן טעמפּל געוואָרן —

אַ גאָרטן אָן אַ צאַם, וואו אַלע ציגן שפּרינגען.

# קונסט און טעכנישע דעמאָקראַטיע

די טרוימער פון אַ יאָרהונדערט האָבן גע׳חלום׳ט פון אַ צייט, ווען מען וועט עפענען אַ קראַן אין וואַנט און עס וועט זיך גיסן מוזיק, ווען מען וועט קענען זיצן אין אַ וויכן שטול ביי זיך אין צימער און צוזען דאָס האַנדלען און וואַנדלען פון דער וועלט. דעמאָלט, האָט מען געטרוימט, וועט באמת קומען דאָס הימלישע קעניגרייך אויף דער ערד, און די וועלט וועט פול ווערן מיט געטלאכן וויסן ווי דער ים איז פול מיט וואַסער. אומוויסנקייט, אַזוי ווי הונגער, וועט זיין אָפּגעשאַפט, און אומגעשמאַק, אַזוי ווי בייזע חולאת׳ן, וועט אויסגעראָט ווערן. אַזוי ווי די מאַשין וועט באַקליידן יעדן לייב און באַשוכן יעדן פוס, אַזוי, האָט מען געגלויבט, וועט אויך די מאַשין אויסלייטערן יעדעס האַרץ און קלוגמאַכן יעדן קאָפּ. עס וועט זיין אַ קעניגרייך פון גאָלע חכמים, אַ וועלט פון לויטער פיינגייסטער. שונד, אומקונסט — וואו וועט זיין פלאַץ פאר זיי אין אַ געזעלשאַפט וואו מען וועט נאָר דאַרפן אויסציען די האַנט און שעפן מיט די הויפנס קלאָרע קונסט און ריינעס, לויטערן וויסן?

אַזוי האָט געטרוימט אַ יאָרהונדערט. וואָס האָט געהאַט אַן אומבאַגרענעצטן גלויבן אין דער מאַשין,

און — אין דעם מענטשן, אין דער דעמאָקראַטיע. עס איז מערקווירדיק: אַ יאָרהונדערט וואָס איז אין אַלע זאַכן געווען אַזוי ניכטער און אַזוי קריטיש קאַלט, האָט פונדעסטוועגן געלעבט אין ראָזיקע אילוזיעס בנוגע דעם וויכטיקסטן פאַקטאָר, דעם פאַקטאָר וואָס איז סוף־כל־סוף געווען דער צענטער אַרום וועלכן אַלע טעאָריעס און אַלע ספּעקולאַציעס האָבן זיך באַוועגט — דעם מענטשן.

מען האָט ניט געוואָלט צולאָזן דעם אַלטן ביבלישן געדאַנק: כי יצר לב האדם רע מנעוריו, אַז דער מענטש איז שלעכט בטבע. אפילו דער נייטראַלער געדאַנק, אַז דער מענטש איז ניט גוט און ניט שלעכט בטבע, אַז ער איז סתם — נאַטור און קען זיין גוט אָדער שלעכט לויט די אומשטענדן, אפילו אָט דער ניכטערער קוק האָט קיין טיפע וואָרצלען ניט געשלאָגן אין דער סאָציאָלאָגיע.

דער גאַנצער יאָרהונדערט איז באַהערשט געוואָרן פון דעם רוסאָ׳אישן בליק, אַז דער מענטש איז גוט בטבע. מען האָט צוריקגעוויזן אַלס אומוויסנשאַפטלאַך זיין טעאָריע פון „סאָציאַלן קאָנטראַקט“ אָבער מען האָט אָנגענומען זיין לערע, אַז דער מענטש איז אַ גוטע און פרומע באַשעפעניש אין זיין נאַטור. און דער דאָזיקער גלויבן פלעגט זיך דורכרייסן דאָרט וואו מען האָט זיך אַמוועניקסטן געקענט אויף אים ריכטן. אין דער עוואָלוציאָנס־לערע, צום ביישפּיל, אין איר קראָפּאָטקינ׳שער פאָרם פון קעגנזייטיקער הילף, און אפילו אין דעם סאַמע היכל פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע, אין מאַרקס׳עס „קאָמוניסטישן מאַניפעסט“. אָט דער

דאָקומענט, וואָס דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן די ריינסטע עסענץ פון וויסנשאַפטלאַכער סאָציאָלאָגיע, טראָגט אין זיך אַ קלאָרן, מענשלאַך־וואַרימען טאָן. אין דעם אויס־דרוק: „די עקספּראָפּריאַטאָרן וועלען עקספּראָפּריאירט ווערן" ליגט דייטלאַך איינגעוועבט אַן עטישער פּרינציפּ, אַן אָפּקלאַנג פון דעם רוסאָ'אישן מענטשן.

און אַט דער רוסאָ'אישער בליק האָט זיך באַצויגן ניט נאָר אויפן עטישן מענטשן, נאָר אויך אויפן אינ־טעליגענטן מענטשן. מען האָט דעם דורכשניט־לאַכן, דעם מאַסן־מענטשן צוגעשריבן אַ מאַקסימום פון אינטעלעקטועלער פּאָטענץ. מען האָט געגלויבט און געפּרעדיקט אַז יעדער מענטש באַזיצט נאַטירלאַכער־וויַיז די פיִיאַקייט אויף אַ הויכער אינטעליגענץ און רייכן געשמאַק, אַז אונטער גינסטיקע אומשטענדן, קען יעדער יחיד ווערן אַ געלערנטער און קונסט־קענער.

און אַט דעם „פאָלקאָמענעם" מענטשן האָבן עס אין זינען געהאַט יענע טרוימער, וואָס האָבן געטרוימט פון אַ טעכנישער דעמאָקראַטיע און האָבן פאַרגעזען דאָס אָנקומען פון דער מואווי און דער ראַדיאָ און האָבן געגלויבט, אַז דורך זיי וועלן די קונסט און די וויסנשאַפט, דאָס שיינע פילן און קלאָרע פאַרשטיין, געווינען פליגל און אויסשפּרייטן זייער ממשלה איבער דער גאָרער וועלט. וואָרים די מאַסן זיינען אומוויסנד — האָבן יענע געגלויבט — ווייל די וועגן צו קולטור זיינען פאַרשפּאַרט פאַר זיי. אָבער ווען קולטור וועט זיך נעמען גיסן פון קראַנען אין די ווענט, צי קען מען דען צווייפלען אַז די מאַסע — דאָס פאָלק וואָס גאָט אַליין רעדט דורך זיין

מויל — וועט אָפּוואַרפֿן די שאָלאַכץ און נעמען דעם קערן, אוועקשאַרן די שטויב און אויפקלייבן דאָס גאָלד ?

אָבער די היינטיגע פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפֿט ווייס ניט פֿון אַזאַ פֿולקאָמענעם מענטשן. זי האָט אים געזוכט און ניט געפֿונען. אין דער עקספּערימענטאַלער פּסיכאָלאָגיע האָט מען אויף אַלערליי אופֿנים געפּאָרשט און געמאָסטן די מענטשלאַכע אינטעליגענץ און די מענטשלאַכע פֿייאיקייט און געפֿונען יענע באַקאַנטע ליניע וואָס ווייזט, ביי איין זייט אַ הייפֿל אידיאָטן, ביי דער צווייטער — אַ הייפֿעלע זשעניען, אָבער אין מיטן — אַ גרויסער, ברייטער, ווי אַ מדבר אויסגעשפּרייטער שטח פֿון מ י ט ל מ ע ס י ק י י ט. דער גרויסער רוב פֿון דער מענטשהייט, די ברייטע מיליאָנען, זיינען נישט צו נאַריש, נישט צו קלוג, נישט צו פֿייאיק, נישט צו אומפֿייאיק, בכלל פֿון קיין זאַך נישט „צו“ — זיי זיינען די מיטלמעסיקייט.

און ווען דאָס איז אַזוי — און לויט דעם בעסטן וויסן וואָס מיר פֿאַרמאָגן איז עס אַזוי — וואָס ווערט דאַן פֿון די האָפֿנונגען וואָס מען האָט געלייגט אויף דער מואווי און דער ראַדיאָ, און אויף אַלע אַנדערע מיטל פֿון דער טעכניק, פֿאַרווירקלאכטע און נאָך ניט־פֿארווירקלאכטע, דורך וועלכע מען האָט געהאָפֿט צו דעמאָקראַטיזירן די קונסט און די וויסנשאַפֿט, ברענגען צו די מאַסן די בעסטע אוצרות פֿון מענטשלאַכן גייסט ?

די מואווי און די ראַדיאָ זיינען דעמאָקראַטישע אינסטיטוציעס. זיי קענען אַנדערש ניט עקזיסטירן, סיידן נאָר זיי ריידן צו גרויסע צאָלן. אָבער וואָס גרע־

סער עס איז די אוידיטאָריע צו וועלכער זיי ריידן, אַלץ פלאַכער מוזן ווערן די טיפן, אַלץ נידעריקער די הויכן פון דאָס וואָס ווערט געזאָגט.

די דורכשניטלאכע אינטעליגענץ פון אַמעריקאַנישן פאָלק, זאָגן אונז די געלערנטע, איז פון אַ דרייצן יאָריקן קינד. אַנדערע זאָגן נאָך ווייניקער — פון אַ צוועלף-יאָריקן קינד. די מאָווי וואָלט ניט געקענט עקזיסטירן, ווען זי זאָל זיך אויפהויבן איבער דער דאָזיקער מדרגה.

יענע האָבן דעריבער פאַלש געהאָפט, ווער עס האָט געגלויבט אַז די דעמאָקראַטישע טעכניק וועט פאַרשפרייטן די גרויסע קונסטן אויף ברייטערע מענטשלאכע שטח׳ן און וועט ברענגען אַ דערהויבונג פון קונסט און אַ פאַרטיפונג פון געדאנק.

העכסטנס קען מען האָפן, אַז די דעמאָקראַטישע טעכניק, די מאָווי און די ראַדיאָ, זאָלן פונאַנדערטראָגן אַ גרעסערן מינימום פון קונסט און דענקען אין דער וועלט, דורך קליינע פאַרלעזונגען אויף דער ראַדיאָ, אָדער דורך די באַלערנדע בילדער אין קינאָ. גיכער פון אַלץ דאַרף מען דערוואַרטן, אַז זיי וועלן ענטוויקלען אַ נייעם, אַן אייגענעם זשאַנר, לויט אַן אייגענער לאָגיק. אָבער די קונסט, ווי מיר האָבן זי געקענט ביז איצט, די קונסט אין אירע העכסטע אַנטפּלעקונגען, קען ווייניק האָפן צו געניסן פון זיי.

פאַרקערט, די קונסט אין אַלע אירע פאָרמען, איז אין סכנה אַלץ מער און מער פאַרטריבן צו ווערן אין אַן איינגען ווינקל. וואָס מער עס שפרייט זיך אויס

די קליין-קונסט, די במקום-קונסט אָדער די אומקונסט, אַלץ קלענער ווערט דער פּלאַץ פאַר דער אמת'ער קונסט. און די דעמאָקראַטישע טעכניק פאַרהעלפט די לעצטע.

אין דעם דאָזיקן פּרט איז ניטאָ קיין מער באַלערנדיקע דערשיינונג אין אונזער צייט ווי דער קאַמף צווישן דעם גרויסן געדרוקטן וואָרט און דעם קליינעם, דעם ביליקן. די דרוקעריי ווערט אַלץ מער און מער דער דינער פון דעם קליינעם, דעם מיטלמעסיקן טאַלאַנט איידער פונם גרויסן, אפילו פונם זשעני. בשעת דאָס ביליקע וואָרט ווערט צוטראָגן מיליאָנענווייז און ווערט געצאָלט מיט גאָלד, איז פאַרן זעלטענעם וואָרט שווער כקריעת ים-סוף צו קומען צום אויסדרוק און עס קען געדייען אָפטמאָל נאָר מיט דער הילף פון מעצענאַטענטום.

רעמי דע גורמאָן האָט זיך ערגעץ באַקלאָגט, אַז אַ גוט בוך אין פראַנקרייך ניט אויסרעכענען מער ווי אויף דריי טויזנט לעזער.

**אין פראַנקרייך!**

וויפיל לעזער האָט אַריסטאָטעל געהאַט אין זיין טאָג? ווען אַריסטאָטעלס חכמה האָט געמוזט געשריבן ווערן מיטן האַנט האָבען נאַטירלאכערווייז געקענט זיין נאָר ווייניקע מאַנוסקריפּטן. נאָר אַ באַגרענעצטע צאָל מענטשן האָבן זיין תורה געקענט הערן אָדער לייענען. אָבער אַריסטאָטעלס וואָרט איז פונדעסטוועגן ניט פאַרלאָרן געגאַנגען. עס האָט זיך דערהאַלטן ביים לעבן דורך דער גרויסקייט אַליין. דור נאָך דור, טאַטע צו

קינד און זיידע צו אייניקל האָבן איבערגעליפערט דעם טייערן אוצר. גרויסע קונסטווערק האָבן זיך דערהאַלטן דורכן אייגענעם כח, דורך אַ פּראָצעס פון נאַטירלאכן אָפּקלייב. וואָס עס איז געווען שוואַך איז אָפּגעפאַלן אין וועג; וואָס עס איז געווען גרויס און ווערטפול האָט זיך פאַרוואָרצלט אין הארצן. אָבער מיט דער דערפינדונג פון דער דרוקעריי איז מעגלאך געוואָרן פאַר יעדן ליאַדן זיך צו פאראייביקן צווישן טאָוולען. אריס-טאָטעל האָט אין זיין אייגענער צייט געריידט נאָר צו הונדערטע, היינט אפילו רעדט ער נאָר קוים צו טויזנטע, אָבער די היינטיקע צייטונג מיט אַ מיליאָניקער צירקו-לאַציע נעמט דעם פלאַטשיקן געדאַנק פון אַן אונטער-מיטלמעסיקן און טראָגט אים אונטער צו מיליאָנען גע-מענס זיך צו לאָבן. און וואָס גרעסער די צירקולאָציע אַלץ פלאַכער מוז זיין דער געדאַנק. אריסטאָטעל וואָלט אומזיסט געקלאַפּט אין דער טיר פון אַ מיליאָנען-צייַ-טונג, און וואָס גרעסער די צייטונג, אַלץ פעסטער וואָלט געווען קעגן אים דער שלאָס אויף דער טיר.

דער טאַלאַנט ווערט געוויס געדינט פון דער דרוק-טעכניק, אָבער די טאַלאַנטלאָזיקייט נאָך מער, און דער שאָדן נערט זיך אויפן רעכענונג פון די נוצן. שטייען היינטיקן טאָג אומצאָליקע טויזנטער דרוק און פרעס מאַשינען און שפּייען פארפינטלטע פּאַפּיר אויף דער וועלט. די מענטשהייט פאַרמאָגט גאָרניט אַזוי פיל באַגאַבטקייט צו שפּייזן אַזוי פיל מאַשינען מיט טאַלאַנט. מען זאָגט אונז, אַז אין דייטשלאַנד אַליין שרייבן היינט ביז צוואַנציק טויזנט פּאָעטן. יעדער פאַרלאַג, יעדע דרוקעריי, יעדע צייטונג און יעדע אויסגאַבע מוז זיך

דאָך דרוקן, און זי סטימולירט אויף אַ קינסטלאכן אופן דאָס שרייבן. און דער אמת'ער טאַלאַנט, דער איינ־ציקער, יענער וואָס איז זעלטענער ווי די פּערל אין ים, ווערט פאַרלאָרן אין אָט דעם געדרוקטן תהו־ובהו און עס איז שווער זיך צו אים צו דערשלאָגן. ערגעץ צווישן די צוואַנציג טויזנט פּאָעטן פון היינטיקן דייטש־לאַנד זיינען דאָך פאַראַן צוויי אָדער דריי (מער בלייבט ניט פון אַ דור) וואָס וועלן אַריינגיין אין דער צוקונפט אַריין, אָבער אין דעם שווערן כאַאָס איז נאָך איצט שווער צו דערקענען זייערע טריט, און צוליב דער שריי־איקער מהומה איז נאָך איצט אוממעגלאך צו פאַרנעמען זייער קול. מעגלאך, אַז יענע צוויי־דריי ווערן נאָך איבערהויפּט ניט געדרוקט, ווייל אין די רעדאַקציעס מיט די גרויסע צירקולאַציעס זיינען די פּלעצער רעזער־ווירקט פאַר בילכערע, דאָס הייסט, פאַר קלענערע פון זיי.

געווים שפּילט דאָ דער עקאָנאָמישער מאָמענט אַ הויפּט־ראָליע, דער עקאָנאָמישער מאָמענט אין אַ קאַ־פּיטאַליסטישער סיסטעם. די קינסטלערישע באַדערפ־נישן פון דעם מענטשן טאָרן ניט זיין קיין פעלד פאַר הענדלער צו מיסטיקן זיך ריווחים. דאָס קינסטלערישע וואָרט טאָר ניט זיין קיין סחורה. דערפאַר וואָס דאָס געדרוקטע וואָרט און בילד איז אַן ענין פאַר הענדלער ווערט דער געשמאַק פון דעם לעזנדיקן עולם שטענדיק באַאַרבעט אין די אינטערעסן פון דעם הענדלער און ניט אין די אינטערעסן פון ריינעם גייסט. מען דאַרף נאָר זען ווי אַזוי די בעסערע פארלאגן פאַרשפּרייטן זייערע ביכער. עס איז שוין געוואָרן אַ באַנאַלער נוסח ביי די

פארלאַגן אָנצוזאָגן, אַז דאָס נייסטע בוך זייערס וועט זיין אַ וועלט־געשעעניש. מען נעמט אַ ווערטערבוך און מען קלייבט אויס פון דאָרט אַלע גוטע אַדיעקטיוון און מען שטעלט פון זיי צונויף אַ לויבגעזאַנג פאַרן נייסטן בוך, פאַר דער נייסטער "וועלט־געשעעניש". מען פאַרזיכערט פאָרויס, אַז דאָס דאָזיקע ווערק וועט זיין אַזוי עפּאָכע מאַכנדיק, ווי וואָלטעיר'ס "ענציקלאָפּעדיע", ווי שפּינאָזאַ'ס "טראַקטאַט", אָדער סערוואַנטעס'עס "דאָן קיכאָט". וואָלטעיר איז געשטאָרבן און האָט ניט גע־וואוסט, אַז ער האָט געמאַכט עפּאָכע. שפּינאָזא האָט אָפּגעלעבט זיינע טעג און נישט געהערט קיין הבטחות אויף אומשטערבלאַכקייט. אָבער היינט ווייס יעדער אָנאָנסן־אַגענט פון אַ ליאַדן פאַרלאַג פאָרויס וואָס ס'איז באַשערט צו בלייבן אומשטערבלאַך, און ער טוט אַליין אָן אַ לאָרבער־קראַנץ אויף יעדן נאַרישן קאָפּ פון וועלכן עס האָט אַרויסגעבלאָזן דער פּוסטער ווינט פון אַ "בעסט סעלער".

אָבער עס איז אַ טעות צו מיינען, אַז נאָר דער עקאָנאָמישער מאָמענט איז שולדיק דערינען, און עס איז נאָר נאָך אַן איבעריקע אילוזיע צו גלויבן, אַז אין אַ מער אידעאַלער אָרדנונג וועט עס בעסער זיין. שטענדיק, אפילו אין דער אידעאַלסטער אָרדנונג, וועלן פּירער זוכן זייער ערפאָלג ביי ברייטע מאַסן ; שטענדיק, אפילו אין די לענדער פון אוטאָפּיע, וועלן צדדים קעמפן מיט איינאַנדער פאַר טעאָריע און העגעמאָניע, און שטענדיק וועט דער בעסטער וועג צו זיך זיין שמייכ־לעריי אָדער נאָכגעביקייט צו דער ברייטער מאַסע. און די ברייטע מאַסע וועט קיינמאַל ניט האָבן קיין זייער

הויכע פאָדערונגען. עס איז אויך בלויז נאָך אַן איבע־ריקע אילוזיע צו גלויבן, אַז עס וועט ווען־עס־איז מעג־לאַך זיין אויפצוהויבן דעם רוב פון דער מענטשהייט צו יענער הויכער מדרגה פון קולטור און געשמאַק, וואו עס געדייען די בעסטע אוצרות פון מענטשלאַכער קול־טור, אויף יענער מדרגה, וואו עס קען ניט געדייען דאָס ביליקע און שונדיקע, דאָס געמיינע און פאַלשע, וואו דאָס גרויסע וואָרט פון קונסט און דאָס טיפע וואָרט פון געדאַנק זאָל פאַר דיברייטע שיכטן פון דער מענטש־הייט ווערן אַזוי נאַטירלאַך ווי דאָס פלאַכע און געמיינע איז נאַטירלאַך פאַר זיי איצט.

קעגן דעם רעדט יענע „ליניע פון אינטעליגענץ“, וואָס די פּסיכאָלאָגישע וויסנשאַפט האָט געפונען און וואָס איז פונקט אַזוי זיכער און פעסט ווי דאָס געזעץ פון „דורכשניט“. עס האַנדלט זיך אין דער דאָזיקער „ליניע“ ניט נאָר אין דעם גראַד פון וויסן, נאָר אין דעם גראַד פון פייאיקייט. די פ י י א י ק י י ט פ ו ן ד ע ר ד ו ר כ ש נ י ט ל א כ ע ר מ ע נ ט ש ה י י ט איז אַ קנאַפּע און באַגרענעצטע, לערנט די וויסנשאַפט. און לויט דער דאָזיקער טעאָריע קומט אויס, אַז די בעסטע בילדונגס־מיטלען קענען פונקט אַזוי ווייניק ענ־דערן די פייאיקייט פון דעם מענטשלאַכן מאָרך ווי די פאָרמע פון דער מענטשלאַכער נאָז.

געוויס איז נאָך מעגלאַך אויפצוהויבן די מדרגה פון בילדונג פון די ברייט־מענטשלאַכע שיכטן א י ן די ג ר ע נ ע צ ן פ ו ן פ י י א י ק י י ט וואָס זיי פ אַ ר מ אָ ג ן. אָבער אויך דאָ איז פאַראַן אַ גבול.

אין דעם פעלד פון פאָלקס־בילדונג הערשט געווים דאָס־זעלבע געזעץ וואָס אין דער עקאָנאָמיע און דער פּסיכאָלאָגיע, כ׳מיין דאָס געזעץ פון „פאַרקלענערטן צוריקגאָב״. וואָס מער אַ שטיקל באָדן ווערט באַאַרבעט אַלץ גרעסער מוז ווערן די ענערגיע וואָס ווערט אַריינגעלייגט און אַלץ קלענער ווערן די געוואונענע רעזולטאַטן. אין אַנדערע ווערטער: עס איז נאָך פאַראַן אַ סך צו טאָן אין פאָלקס־בילדונג און מען קען נאָך דאָ דערגרייכן אַ ווייט העכערע מדרגה ווי עס איז שוין דערגרייכט געוואָרן אפילו אין די קולטורעלסטע לענדער. אָבער אַ זייער הויכע מדרגה וועט עס ניט זיין, ווייל עס קען נישט **פּסיכאָלאָגיש זיין**.

דאָס וואָלט ניט מעגלאַך געווען אפילו ווען יעדער איינציקער אינדיווידואום וואָלט געבאָרן געוואָרן מיטן טעמפּעראַמענט פון לערנען. וואָרים לערנען איז אַ טעמפּעראַמענט ביי איינעם, פּונקט ווי נאַכלויפן דעם ווינט איז אַ טעמפּעראַמענט ביי אַ צווייטן. מיטן לערנער־טעמפּעראַמענט ווערט מען געבאָרן, אָבער איינער ווערט געבאָרן מיט אים און צען אָן אים, און לערנען איז אַ שווערע מלאכה. די וואָס האָבן געלערנט יענע ווייסן דעם גרויסן צער און די גרויסע מי פון תורה. ווייניקער ווי איינער פון צען זיינען פייאיק דערויף. אָבער די גאַנצע טעכניק פון דער מואווי און דער ראַדיאָ, און וואָס נאָך פאַר אַ דערפינדונגען עס וועלן געמאַכט ווערן, זיינען, לויט זייער סאַמע טבע, געצילט צו באַדינען די צען און ניט דעם איינעם.

און ווייל די מיטלמעסיקייט באַקומט, דורך דער טעכנישער דעמאָקראַטיע, אירע אייגענע מיטל צו באַ־

פרידיקן אירע גייסטיקע באַדערפנישן, רוקט זי זיך אַלץ ווייטער און ווייטער אַוועק פון יענע, וואָס טראָגן דאָס גרויסע וואָרט פון קונסט און געדאַנק.

עס מערקט זיך שוין היינט גאַנץ דייטלאַך די טענ־דענץ, אַז די צוויי וועגן, דער פאָלקס־וועג פון ביליקער קונסט און פלאַכן געדאַנק, און דער וועג פון הויכער קולטור, גייען זיך אַלץ מער און מער פאַנאַנדער אין באַזונדערע זייטן, אַנשטאָט וואָס זיי זאָלן זיך ציען צו פאַרשמעלצונג.

פון איין זייט ווערט אַלץ שווערער און שווערער פאַר דעם זעלטענעם, דעם אויסגעצייכנטן ווערק, צו קומען צום אויסדרוק. די בעסטע ביכער דאַרפן אָפט־מאָל זיך דרוקן אויף פריוואַטע מיטל. פון דער אַנדערער זייט ווערט די העכערע קולטור וואָס ווייטער אַלץ מער און מער קאָמפּליצירט און אַלץ ווייניקער און ווייניקער צוגענגלאַך פאַרן ברייטן עולם. ביי היינטיקן טאָג קען מען שוין, דוכט מיר, מערקן, ווי עס קומען אַרויס אַלץ ווייניקער ביכער איבער פּאָפּולערער וויסנשאַפט און דער ענטוזיאַזם פאַר פאָלקס־בילדונג לעשט זיך ביסלאַכ־ווייז אוים. ביז מיט אַ צוויי־צענדליק יאָר צוריק איז עס נאָך ניט געווען אַזוי שווער צו דערקלערן דעם מענטשן פון גאַס די ערשטע פּרינציפּן פון די וויסנ־שאַפטן, די עלעמענטאַרע געזעצן פון דער כעמיע אָדער פון דעם ניוטאָניזם, צום ביישפּיל. אָבער היינט איז עס שוין געוואָרן פיל שווערער. צו פאַרוויקלט און צו טעכניש, און צו פּראָבלעמאַטיש, זיינען היינט גע־וואָרן די וויסנשאַפטן, און צו קאָמפּליצירט און צו פאַר־פיינערט די פּראָבלעמען פון די קונסטן. ניט דער קול־

טור-מענטש קען עס גרינג איבערגעבן, און ניט דער פאָלקס-מענטש האָט דעם חשק עס איבערצונעמען.

פאַררוקן זיך די געלערנטע און קינסטלער אַלץ טי־פער אין זייערע „עלפענביין-טורעמס" און עס לויפן די פאָלקס-מאַסן אַלץ געדיכטער אין די „מואווים". און כדי צו באַרואיקן זיך דאָס געוויסן, האָבן די פאָלקס-מאַסן און זייערע האַלב-געטער אויסגעפונען אַ גרינג מיטל — אינגאַנצן צו פאַרלאַכן די קולטור, אינגאַנצן פאַרשפּאָטן די „אינטעליגענץ". דעם ערשטן מאָל אין דער געשיכטע איז „אינטעליגענט" געוואָרן אַ שימפּוואָרט.

עס איז שוין אפילו היינט מעגלאך צו מאַכען דע־מאָנסטראַציעס פון אומוויסנקייט. איך מיין דאָ דעם ענין איינשטיין. דער ענין האָט קיין גלייכן ניט אין דער געשיכטע. איינשטיין איז איבערנאַכט געוואָרן איינער פון די פּאָפּולערסטע מענטשן אין דער וועלט נאָר דערפאַר, וואָס עס איז אַרוים די ניים אַז נאָר צוועלף מענטשן אין דער וועלט פאַרשטייען אים. מי־ליאָנען מענטשן אין אַלע לענדער זיינען געלאָפן צו אים, נישט צו לערנען אים פאַרשטיין (די איינשטיין־מואווי האָט קיין דערפאָלג ניט געהאט) נאָר אָנקוקן דעם טשיקאַוון מענטשן וואָס מען קען ניט פאַרשטיין. די אומוויסנקייט, די אומפּייאיקייט צו פאַרשטיין איז געוואָרן, אין דעם איינשטיין-פאַל, אַ מין פאָלקס-אונ־טערהאַלט. דער עולם איז געלאָפן הנאה האָבן דער־פון וואָס מען פאַרשטייט ניט.

אָט דאָס איז דער שיקזאַל וואָס דערוואַרט דער קונסט אין דער טעכנישער דעמאָקראַטיע. אייגגער און

שמעלער ווערט דער פּלאַץ פאַרן אמת'ן קינסטלער. בלויז איינצלנע קינסטלער — די דעמבעס אין וואַלד — וועלן קענען בלייבן שטיין אויף די פיס און וועלן ניט מיטגעריסן ווערן פון דעם שטראָם פון גרויסע לוינען און הילכיקע אַפּלאָדיסמענטן פון ברייטע מאַסן. בלויז יענע קינסטלער וואָס וועלן קענען אַריבערטראָגן די גרויסע איינזאַמקייט פון די הויכע קולטור-ספערן. פאַראַן אַזעלכע קונסטן און קינסטלער. די מאַלעריי איז אַזאַ קונסט, די סקולפּטור, די מאַטעמאַטיק זיינען אַזעלכע קונסטן.

רעמבראַנדט האָט געמאָלן אַ בילד און האָט געוואוסט, אַז ער מאָלט עס נאָר פאַר אַ ווינקל. איינשטיין לויפט ניט אַרונטער צו דער ערד, כאָטש ער ווייס אַז נאָר צוועלף מענטשן קענען אַרויפקלעטערן צו זיינע שפּיצן. און אויך די אַנדערע קונסטן און קינסטלער, וואָס זיינען ביז איצט געוואוינט געווען צו בר״יטע אוידיטאָריעס, — די פּאָעזיע, דער הויך-ליטעראַרישער ראָמאַן, די הויך-קינסטלערישע דראַמע — וועלן זיך מוזן באַשליסן אויף אַ שיקזאַל פון יענער איינזאַמקייט, וואָס איז דער מזל פון אַלץ וואָס איז באמת גרויס און זעלטן.

# קריטיק

וואָס איז דער וועזן, וואָס איז דער זין און צוועק פון ליטעראַרישער קריטיק?

עס זאָגן מאַנכע שרייבער:

די קריטיק איז אַן אומגעזונטער וואוקס אויפן קערפּער פון דער ליטעראַטור. זי איז אומבאַרעכטיקט, זי איז איבעריק, זי איז אפילו שעדלאַך. שרייבער איז שעפער, קריטיקער — סרים; שרייבער דיכטעט פון אוממיטלבאַרן לעבן — קריטיקער מוח'ט איבער פאַר־טיקן ווערק; שרייבער איז געצוג פאַר זיך אַליין, אָבער קריטיקער אָן שרייבער איז ניט דענקבאַר.

זאָל עס דערלויבט זיין דאָ אַרויסצושטעלן דעם גאַנץ היפּוך'דיקן געדאַנק:

ניט נאָר איז דער קריטיקער ניט קיין איבעריקע זאַך אין דער ליטעראַטור — די ליטעראַטור עקזיסטירט איבערהויפּט נאָר פאַר און דורך דעם קריטיקער. אָן דעם קריטיקער קען קיין ליטעראַטור ניט זיין. אָ ן ד ע ם  ק ר י ט י ק ע ר  א י ז  ק י י ן  ל י ט ע ר א ט ו ר  נ י ט א.

1

עס דאַרף וועגן ליטעראַטור פאַרשטאַנען ווערן דאָס, וואָס איז שוין לאַנג פאַרשטאַנען געוואָרן בנוגע דער מוזיק. וואָס איז מוזיק? ווען איז אַ מוזיקאַ־ליש ווערק? ווען עקזיסטירט עס? ווען לעבט עס? ווען איז עס דערפילט? ווען איז עס קונסט? קוים ווער זיך געפינען אימעצער, וואָס וועט זאָגן: „די מוזיק — דאָס זיינען די נאָטן". די מוזיק עקזיסטירט ניט ווען עס איז אין דער פאָרמע פון דעם בויגן נאָטן. דער בויגן נאָטן איז נאָר — פּאַפּיר באַשריבן מיט געוויסע צייכנס. פּאַפּיר און טינט־פלעקן זיינען ניט קיין מוזיק. עס איז צווישן דעם נאָטן־בוך און דער מוזיק, וואָס עס טראָגט אויף זיך פאַרשריבן, קיין שום שייכות ניטאָ. מען קען אפילו ניט זאָגן, אַז דאָס נאָטן־בוך איז כאָטש פּאָטענציעל מוזיק. וואָרים דאָס נאָטן־בוך בלייבט אומאַקטיוו און טויט, ווען די מוזיק ווערט פון אים אַרונטערגעלייענט, עס האָט קיין חלק ניט אין דעם איבערשאַפונגס־פּראָצעס. ניט אפילו אין וויטסטן זין איז דאָס נאָטן־בוך, — די קונסט, וואָס עס טראָגט אין זיין בוזים. עס איז נאָר אַ מיטל, אַ סיסטעם פון צייכנס צו פאַרפיקסירן די מוזיק, אויפצובאַוואָרן זי פון צערונען ווערן. די מוזיק ווערט ערשט דעמאָלט און איז פאַראַן נאָר דעמאָלט, ווען דער מוזיקער נעמט זי אַרויף אויף זיין אינסטרומענט און שאַפט זי איבער, שאַפט זי נאָך דעם דיכטער. און ווען דער מוזי־קער האָט געענדיקט און די לעצטע טענער זיינען פאַר־

קלונגען, האָט די מוזיק ווידער אויפגעהערט צו זיין, איז זי ווידער געוואָרן נאָר — פּאַפּיר און טינט־פלעקן. מעג די פיינסטע אויער צום נאָטן־בויגן צוגעלייגט ווערן — אפילו אַ שאָטן פון אַ קלאַנג וועט פון דאָרט ניט מער אַרויסגענאַרט ווערן.

דאָס זעלבע איז אַ קונסט־ווערק אויך אין דער ליטעראַטור.

וואָס איז דען אַ ליד, אַ דערציילונג, אַ דראַמע, אַ ראָמאַן אין דער פאָרמע ווי עס עקזיסטירט היינט, ד. ה. אין דער פאָרמע פון בוך? עס איז גאָרניט, אויסער אַזוי פיל פּאַפּיר, באַשריבן מיט געוויסע צייכנס. אַ בוך איז ניט קיין ליטעראַטור. עס איז נאָר אַ כלי אין וועלכער אַ ליטעראַרישע שאַפונג איז אַריינגעגאָסן געוואָרן, כדי זי צו פּרעזערווירן. ליגט אַ בוך אומגעלייענט, איז עס נאָר טויטע מאַטעריע. ניט אין ווייטסטן זין איז עס פאַרוואַנדט מיט דעם אינהאַלט וואָס ליגט דערין באַהאַלטן, ווייניקער ווי עס איז פאַרוואַנדט דער בריליאַנט מיט דעם שאַכטל, וואָס טראָגט אים. ווען ווערט דאָס בוך ליטעראַטור, ווען ווערט עס אַ לעבעדיקע קונסט? ווען עס קומט אַ לע־זער און נעמט עס אַרויף אויף זיין נשמה. נאָר אין דער צייט, ווען דער אינהאַלט ווערט אַרויסגעצויבערט פון די טינט־צייכנס און אויף אַ מענטשלאַכער נשמה אַרויפגעוויקלט, דעמאָלט ווערט דער שיקזאַל פון דעם ווערק דערפילט און עס ווערט ליטעראַטור. נאָר דע־מאָלט איז עס ליטעראַטור. אָבער ווען דער לעזער האָט אָפּגעלייענט און דאָס בוך פאַרמאַכט, האָט די ליטע־

ראַטור ווידער אויפגעהערט צו זיין, איז זי ווידער ניט געוואָרען. בלויז אין צוויי גלגולים לעבט אַ ליטעראַריש, ווי יעדעם קונסט-ווערק בכלל. ווען עס איז אין פּראָצעס פון דיכטער׳ס שאַפן און ווען עס איז אין פּראָצעס פון לעזערס איבערשאַפן. האָט דער דיכטער זיין ווערק פאַרענדיקט — הערט עס אויף צו זיין, און ווערט אויף דאָס ניי געבאָרן יעדעס מאָל, ווען עס ווערט געלייענט. טויזנט געבורטן האָט אַ ליטעראַריש ווערק און טויזנט טויטן.

עס איז וועגן ליטעראַטור, ווי בכלל וועגן קונסט, אמת דאָס וואָס איז אין דער פילאָזאָפיע אמת וועגן סוביעקט און אָביעקט. וואָס געשעעט — פרעגט די פי־לאָזאָפיע — ווען עס קלינגט אַ גלאָק ערגעץ אין אַ מדבר, וואו עס איז ניטאָ קיין לעבעדיק אויער פון מענטש אָדער חיה צו הערן — איז אין דער ווסטעניש פאַראַן אַ קלאַנג אָדער ניט? און די פילאָזאָפיע, אין איינקלאַנג מיט דער וויסנשאַפט, ענטפערט: ניין, עס איז דאָרט דעמאָלט קיין קלאַנג ניטאָ, עס זיינען פאַראַן נאָר לופט־וויבראַציעס. ערשט ווען די לופט-וויבראַצעס פאַלן אויף אַ לעבעדיק אויער, וואָס שאַפט זיי אום אין אַ קלאַנג איז דער קלאַנג פאַראַן. אָן אויער — קיין קלאַנג; אָן סוביעקט — קיין אָביעקט; אָן ל ע ז ע ר — ק י י ן ל י ט ע ר א ט וֹ ר.

און אויב דאָס איז ליטעראַטור, וואָס בלייבט דאַן פון דער עקזאָלטירטער פאָזע פון דעם שרייבער, אַז ער נויטיגט זיך ניט אין דעם קריטיקער, אַז דער קריטיקער איז אַן איבעריקע זאַך?

וואָרים יעדער לעזער איז אַ קריטיקער, נאָר דער קריטיקער איז אַ לעזער, וואָס מאַכט די ליטעראַטור ו ו י י ט ע ר שעפעריש.

.2

מען קען צום פּראָבלעם פון קריטיק צוטרעטן נאָך פון אַן אַנדער ווינקל.

סיי די באַהויפּטער סיי די געגנער פון קריטיק, וועלן איינשטימען אויף דעם עלעמענטאַרן געדאַנק, אויף דער איינפאַכער, עלעמענטאַרער פּראָפּאָזיציע, אַז:

יעדעם קונסט־ווערק האָט אַ באַדייטונג.

דאָס איז אין אמת'ן מער ווי אַ פּראָפּאָזיציע. עס איז, אויב מען וויל, אַן אַקסיאָמע. זי קניפּט זיך צענויף מיט דעם פילאָזאָפישן באַגריף און מיט דעם פּרינציפּ פון דער נאַטור־וויסנשאַפט, אַז יעדע זאַך וואָס איז דאָ האָט אַן אורזאַך פאַר איר זיין; אַז יעדע זאַך, וואָס עקזיסטירט, האָט אַ באַדייטונג אין דער סכעמע פון דער וועלט.

אָבער די באַדייטונג פון יעדער דערשיינונג דאַרף קענען א ו י ס ג ע ד ר י ק ט ווערן. וועניגסטנס — פּאָטענציעל. דאָס, אייגנטלאך, איז דאָך דער יסוד פון דער פילאָזאָפיע, פון דער וויסענשאַפט, פון דער קונסט. דאָס גאַנצע מענטשלאַכע דענקען און פאָרשן, זיין גאַנ־צער דראַנג אין די שעפערישע קונסטן איז נאָר אַ דראַנג צו געבן אויסדרוק צו דער באַדייטונג, צו דעם זין און דעם ווערט פון די דערשיינונגען אין דער

וועלט. עס איז גאָר ניטאָ קיין אַנדער באַציאונג צווישן מענטש און וועלט ווי אָט די סוביעקטיווע באַציאונג פון דעם מענטשן, פון זיין באַנעמען און אויסטייטשן די וועלט אין דעם זין פון איר שייכות צו אים. דער זין, די באַדייטונג פון אַ זאַך איז אַן אַטריבוט וואָס קען ניט, אין מענטשלאכן דענקען, אָפּגעטיילט ווערן פון דער זאַך גופא.

אַ ליטעראַריש ווערק, יעדעס קונסטווערק, קליין אָדער גרויס, איז אַ דערשיינונג אין דער סכעמע פון דער וועלט און האָט דעריבער אַ באַדייטונג. זי קען נ י ט ניט האָבן קיין באַדייטונג. איר עקזיסטענץ גופא איז שוין אַ „זין“ און אַ באַדייטונג.

און די דאָזיקע באַדייטונג דאַרף קענען א ו י ס-ג ע ד ר י ק ט ווערן. מינדעסטנס פּאָטענציעל.

ד ע ר פ א ר ז ו ך א ו י ס צ ו ד ר י ק ן ד י ב אַ ד יי ט ו נ ג פ ו ן אַ ק ו נ ס ט וו ע ר ק א י ז ק ר י ט י ק.

דאָס איז אַ דעפיניציע פון קריטיק.

קריטיק, אַלזאָ, איז ניט קיין צופעליקע זאַך; זי איז אַן אומפאַרמיידלאכע, אַן אומבאַדינגטע דערשיינונג. זי ליגט שוין אין דער עסענץ פון דער ליטעראַטור. זי איז דער „זין“ פון דעם ליטעראַרישן ווערק. און דאָס ווערק קען זיך ניט באַפרייען פון זיין „זין“, פונקט ווי עס קען זיך ניט באַפרייען פון זיין עקזיסטענץ אי-בערהויפּט. די קריטיק איז פאַראַן אפילו, ווען זי איז ניט געשריבן. זי איז פאַראַן פּאָטענציעל, אויף אַזוי

וויט, ווי דאָס ווערק אַליין איז פֿאַראַן. די געשריבענע, די געשאַפענע קריטיק איז נאָר אַ פאַרענדיגונג פון אַ פּראָצעס, דער פאַרזוך צו פאַרוואַנדלען די פּאָטענץ אין אַ קאָנקרעטער ווירקלאַכקייט.

וואו וואָרצלט אַלזאָ, סוף-כל-סוף, די קריטיק? פון וואַנען וואַקסט זי אַרויס? די קריטיק וואַקסט אַרויס פון דעם מענטשלאַכן שטרעבן צו באַנעמען און אויס-דריקן די באַדייטונג פון דערשיינונגען; אין דעם געגעבענעם פאַל — די דערשיינונגען פון דער דיכטערי-שער וועלט. אָבער דאָס דיכטערישע ווערק אַליין איז נאָר אַ שטרעבן אויסצודריקן די באַדייטונג פון זאַכן און דערשיינונגען. אין אַנדערע ווערטער: די קריטיק וואָרצלט אין דעם זעלבן שעפערישן אינ-סטינקט ווי די דיכטונג. דיכטונג און קריטיק זיינען ברידער און שוועסטער. קריטיק איז דיכטונג. די קריטיק איז אַ פונדאַמענטאַלע קונסט.

.3

זאָגט דער געגנער: קריטיק איז ניט שעפעריש, ווייל זי איז נור קאַלטע מח-אַרבעט וועגן קונסט, בשעת די ליטעראַטור איז וואַרים-געפילטעם שאַפן פון רויער לעבנס-מאַטעריע.

עס איז אַ קאָנווענציאָנעלער ליגן אַט די,ביז איבערדריסיקייט איינגעגעסענע טעאָריע, וואָס צעשנייט ווי מיט אַ שאַרפן מעסער געפיל און געדאַנק. עס איז אַ טעאָריע וואָס שטעלט די „דיכ-

טער" אין אַ קלאַס באַזונדער און אַ מדרגה העכער, און די „דענקער" — ווי פּלאַטאָן, קאַנט, ניוטאָן — אין אַ קלאַס באַזונדער און אַ מדרגה נידעריקער. אָבער עס קען קיין מער שמערצלאכער שניט אין לעבעדיקן שטאָף גאָרניט געמאָלט זיין, ווי אַט דער געוואַלד-רים צווישן געפיל און געדאַנק; קיינמאָל און אין ערגעץ איז ניט גע־ווען געפיל אָן דעם עלעמענט פון געדאַנק; קיינמאָל און אין ערגעץ איז ניט געווען אַ געדאַנק, וואָס איז ניט אין זיין אינוויינִיקסטן וועזן אויך געפיל. יעדער איינער, וואָס האָט געלעבט אינטים מיט די ווערק פון די דענ־קער, ווייס ווי אָפט עס איז אים אויסגעקומען אויפצו־שפּרינגען אין אַנטציקונג איבער אַ גרויסן געדאַנק און בלייבן זיצן פאַרגליווערט אין מחשבות איבער אַ זאַך פון שיין-קונסט. וואָס איז די קרוין, וואָס מיר טוען אָן אויף אַ דיכטונג, וואָס געפעלט אונז? מיר זאָגן: „עס איז שיין". און וואָס איז די קרוין, וואָס מיר טוען אָן אויף אַ געדאַנק, וואָס געפעלט אונז? מיר זאָגן אויך: „ס'איז שיין". מען זאָגט: „אַ שיינער געדאַנק". אויף וויפיל די ביאָ־לאָגיע ווייס, ווייס זי ניט פון עמאָציע באַזונדער און געדאַנק באַזונדער. זי ווייס פון אַ לאַנגזאַמען איי־בערגאַנג פון פילן אין דענקען אין דעם לע־בעדיקן רייך. איין און דערזעלבער אַפּאַראַט, דער מאַרק טוט ביידע זאַכן: פילט און דיינקט. און ריכטיק האָט טאָלסטאָי געלערנט אין זיין בוך „וואָס איז קונסט", אַז יעדער געפיל זוכט זיך אויסצודריקן אין ווערטער, און אַ געפיל וואָס גייט אַריבער אין ווערטער ווערט אַ געדאַנק.

געדאנק און געפיל, גייסט און עמאָציע זיינען די־זעלבע ביי דער קרוין, זיי זיינען אויך דאָסזעלבע ביים וואָרצל. מען זאָגט אָפטמאָל: דער דיכטער שאַפט אינ־טואיטיוו, דער דענקער אינטעלעקטועל, אָבער יענער איז אַ דרדקי אין דער געשיכטע פון מענטשלאַכן דענקען, ווער עס ווייס ניט, אַז אַלע גרויסע געדאנקען אין דער געשיכטע פון דער מענטשלאַכער קולטור זיינען אויך גע־באָרן געוואָרן אינטואיטיוו. די גרויסע אנטדעקער גייען ניט צוערשט קלייבן איינצלנע באַאָבאַכטונגען פון וועל־כע זיי ציען נאכהער אַרוים זייער גרויסן אויספיר. פאַר־קערט, צוערשט טויכט אויף ווי אַ בליץ אַן אינטואיציע וועלכע באַהערשט דעם גאַנצן וועזן ווי אַ פאַרצוקנדע ליידנשאַפט און טרייבט צו זוכן די באַאָבאַכטונגען, כדי אָנצוקליידן די אינטואיציע מיט לעבעדיקן לייב. אפילו די שטרענגסטע לאָגיקער, ווי דזשאַן סטואַרט מילל, צום ביישפיל, גיבן אָפּ דעם אויבנאַן אין וויסנשאַפטלאַכן דענקען — דער אינטואיציע. צוערשט דער געדאנקען־אויפשוואונג, נאַכהער די רעוויזיע. דאָס באַהויפּטעט אפילו די אינדוקטיווע לאָגיק. די אַלטע לאָגיק, די אַריסטאָטעלישע, די דעדוקטיווע, איז לכתחילה, אין איר גרונט־וועזן, אַן אינטואיטיווע לאָגיק. וואָרים זי הויבט זיך אָן מיטן כלל און דרינגט אויפן פּרט. און פון וואַנען נעמט זיך דעמאָלט דער כלל־באַגריף? ער האָט דעמאָלט נאָר איין מקור: די אינטואיציע. ער ווערט געבוירן ספּאָנטאַן, ווי אַ גרויסע וויזיע, ווי עפּעס נביא׳ישעס.

דער גאַנצער וועג פון דער ליטעראַטור־געשיכטע איז אָנגעזייט מיט ביישפּילן, ווי אַזוי „ריינער" געדאַנק

ווירקט ווי אַ געפיל, און געפיל ווערט אַבסטראַק־
ציע. די אַזוי־גערופענע טעזיס־ליטעראַטור איז אַ ביי־
שפּיל פאַר דאָס ערשטע, די געפילס־ליטעראַטור פון אַ
פאַרגאַנגענער עפּאָכע איז אַ ביישפּיל פאַר דאָס צווייטע.
דיקענס'עס רעפאָרם־אידייען לאָזן אונז היינט קאַלט —
אָבער אין זייער צייט האָבן זיי געגליט הערצער. מאַנכע
פּראָבלעמען אין טאָלסטאָי'ס ראָמאַנען וועקן שוין קיין
אָן אָבקלאַנג היינט אין אונז. אָבער אויב דער קריטע־
ריום פון ליטעראַטור איז די אינטענסיוויטעט פון איר
ווירקונג, דאַן זיינען דוקא יענע פאַרעלטערטע שטעלן
אין די דערמאָנטע ווערק אין זייער צייט געווען די העכ־
סטע ליטעראַטור. וואָרים זיי האָבן ניט נאָר גערירט,
זיי האָבן געשטורמט און גאַנצע פאַזן פון לעבן אוועק־
געריסן. פאַרקערט, געפילס־ליטעראַטור ווערט אָפּטמאָל
פאַרעלטערט. דאָס געפילס־לעבן אין דער פראַנצויזיש־
קלאַסישער ליטעראַטור, צום ביישפּיל, ווירקט היינט
אויף אונז ווי קאַלט ליכט.

פון איין זייט געפיל אַלס אַבסטראַקציע, פון דער
אַנדערער — געדאַנק אַלס ליידנשאַפט. דאָס ווייזט, אַז
סוף־כל־סוף זיינען עס נאָר צוויי שאַטירונגען פון דער־
זעלבער עסענץ. די העכסטע פּאָעזיע איז יענע, וואו
די דאָזיקע צוויי אַספּעקטן האָבן געפונען אַ האַרמאָניע:
די נביאים, די גריכישע דראַמע, שעקספּיר, געטהע,
ניטשע. יעדע זאַך אין דער וועלט איז פּאָעזיע; יעדע
זאַך אין דער וועלט איז פילאָזאָפיע. די לעבנס־פילאָ־
זאָפיע קאַנט'ס איז אַ גרויסע מעכטיקע דיכטונג; און
ווען אַ הונט בילט פאַרטרוימט אויף דער לבנה דריקט
ער דערמיט אויס אַ לעבנס־פילאָזאָפיע.

דיכטונג און איר קריטיק, ליטעראַטור און קרי־
טיק — בײדע װערן פֿון זעלבן טריב געטריבן. נאָר דער
דיכטערישער טאַלאַנט איז אַ טאַלאַנט װאָס רעאַגירט
אויף לעבן אין רויער מאַסע; דער קריטישער טאַלאַנט
איז אַ טאַלאַנט װאָס רעאַגירט אויף לעבן — א ו י ס־
ק ר י ס ט אַ ל י ז י ר ט א י ן ק ו נ ס ט.

בײדע, די דיכטער, די קריטיקער, שאַפֿן אויף לעבן,
אָבער אויף לעבן בײ צװײ באַזונדערע מדרגות: דער
דיכטער װי ער געפֿינט עס אין כאַאָטישן צושטאַנד
צװישן ערד און הימל; דער קריטיקער, װי ער געפֿינט
עס איבערגעבראָכן, װי אַ שטראַל, אין דער פּריזמע פֿון
מענטשלאַכן שעפֿערישן געניוס. דער קריטיקער הויבט
אָן, װאו דער דיכטער הערט אויף. שעפֿערישע דיכ־
טונג און שעפֿערישע קריטיק זײנען נאָר אָפּגערוקט
אײנס פֿון אַנדערן אין צײט, אָבער ניט אין רוים. דער
רוים פֿון בײדע איז דאָס לעבן. פֿאַר אײנעם — ל'עבן
אין פֿליסיקן צושטאַנד; פֿאַרן אַנדערן לעבן אין קינסט־
לעריש־פֿאַרפֿיקסירטן צושטאַנד.

מען האָט ביז איצט פֿאַרזען דעם פּשוט'ן אמת,
אַז דער מענטש האָט נאָך אַן איבעריקע אָריגינעלע
באַגאַבונג, װאָס איר שאַפֿונגס־רעגונג איז די קונסט.

מעגליך, אַז דער קריטישער טאַלאַנט איז פֿאַרזען
און אַזוי גרינגעשאַצט געװאָרן, דערפֿאַר װײל ער איז
אַ זעלטענערער טאַלאַנט. מען קען דורך דער געשיכטע
פֿון דער ליטעראַטור אויפֿצײלן א סך ערשט־קלאַסיקע
דיכטער, עס זײנען אָבער געװען נאָר געצײלטע ערשט־
קלאַסיקע קריטיקער. אין יעדער ליטעראַטור זײנען

פאַראַן מער פּאָעטן, דערציילער, דראַמאַטורגן און ראָ־מאַניסטן, ווי קריטיקער. און אויב עס איז אמת די טעאָריע, אַז דער ווערט ווערט פון אַ זאַך ווערט באַשטימט לויט דעם, וויפיל אָדער ווי ווייניק די זאַך איז פאַראַן, און וואָס ווייניקער און זעלטענער — אַלץ טייערער און העכער, דאַן קען מען אפילו וואגן די באַהויפּטונג, אַז דער קריטישער טאַלאַנט איז אַ העכערער מין באַגאַבונג, ווי דער דיכטערישער.

די הויפּט־פראַגע איז ניט, צי איז דער קריטיקער אַ שעפער אין דעם זעלבן זין ווי דער דיכטער. די הויפּט־פראַגע איז: איז פאַראַן אַזאַ זאַך ווי אַן אי־בערלעבונג פון קונסט? איז דאָס רעאַגירן, דאָס אָפּ־רופן זיך אויף דער קונסט אַן אמת־מענטשלאַך געפיל? עס קענען קיין צוויי ענטפערס ניט זיין אויף דער פראַגע. ווען דער אָפּרוף אויף קונסט וואָלט ניט געווען קיין טיף און איינגעבאָרן מענטשלאַך געפיל, וואָלט דאָס גאַנצע קינסטלערישע טרייבן פון דער מענטשהייט גע־ווען נאָר אַ פּוסטע שפּיל אָדער וואָלט העכסט־וואַר־שיינלאַך גאָר ניט געווען. און אויב די רעאַגירונג אויף קונסט איז אַן אמת׳ער געפיל, דאַן מוז דער מענטש אויך האָבן אַן אמת׳דיקע, אַ נאַטירלאַכע באַגאַבונג דעם דאָזיקן געפיל אויסצודריקן און אים געבן פאָרמען. די, וואָס פאַרמאָגן די דאָזיקע באַגאַבונג זיינען קריטיקער.

ק ר י ט י ק  א י ז — ד י  ד י כ ט ו נ ג  א י ־ ב ע ר  ק ו נ ס ט.

דאָס איז אַן אַנדער דעפיניציע פון קריטיק.

עס איז אַזוי ניט נאָר אין דער ליטעראַטור, נאָר אין יעדן צווייג פון מענטשלאַכן שאַפן. דער סכום פון מענטשלאכע באַגאַבונגען איז צו גרויס, אַז אַן איינצעלנער מענטש זאָל זיי קענען אַלע אַרייננעמען. די נאַטור פירט אויך איר עקאָנאָמיע אויף דעם פרינציפ פון צעטיילונג פון אַרבעט. בעטהאָוון שאַפט די מוזיק, אָבער עס איז לאו דוקא, אַז ער זאָל זי קענען אמגלענצענדסטן אויספירן אויף אַן אינסטרומענט. נאָך וויניקער איז עס וואַרשיינלאך, אַז ער אַליין זאָל קענען מאַכן דעם גלענדצענדסטן אינסטרומענט אויסצושפּילן זיין אייגענע מוזיק. דער געניאַלער פידלער, וועט העכסט וואַרשיינלאך ניט זיין קיין געניאַלער קאָמפּאָניסט. און אויף מאַכן די פידל פאָדערט זיך אַ באַזונדער טאַלאַנט, דער טאַלאַנט פון סטראַדיוואַריוס. אין דעם דאָזיקן ביישפּיל פון דער מוזיק האָבן מיר מינדעסטנס דריי צווייגן, יעדע צווייג מיט איר אייגנאַרטיקן טאַלאַנט, אירע אייגענע שעפער, אירע אייגענע זשעניען. וועלכע פון די דריי מדרגות איז וויכטיקער? בלויז אַ נאַר וועט זיך אַריינלאָזן אין אַזעלכע ספּעקולאַציעס. פאַרן קלוגן איז יעדע גרויסע אַנטפּלעקונג פון דעם מענטשלאכן גייסט אַלץ איינס טייער און אַלץ איינס חשוב.

און אויב קריטיק איז די שאַפונג פון אַ נאַטיוון, אויטאָנאָמען מענטשלאכן טאַלאַנט, איז זי אַ זעלבסטשטענדיקע קונסט, אַ קונסט, וואָס לעבט אין איר אייגענעם רעכט און דאַרף ניט דעם חסד פון די שרייבער, זיי זאָלן זי דולדן. דאָס לעבן איז דער ליים אין דעם שרייבער׳ס האַנט; דאָס געשריבענע ווערק איז דער

ליים אין דעם קריטיקער׳ס האַנט. קען דער ליים באַפוילן דעם מייסטער? קומט דאָס לעבן צום דיכטער און זאָגט: „דיין שאַפן פּאַסט מיר ניט?“ אַזוי קען ניט די קונסט קומען צום קריטיקער און זאָגן: „הער אויף, דיין שאַפן איז מיר דערווידער און איבעריק“.

אומגעקערט, יעדעס דיכטעריש ווערק איז אַן אַ ר י י נ ז אָ ג ן אין לעבן; וואָרים יעדעס דיכטעריש ווערק איז שוין לעבן מיט דער דיכטערישער פּערזענלאַכקייט אַרויפגעדריקט דערויף; עס איז אַ דעקלאַראַציע: דאָס לעבן איז ווי איך זע עס. עס איז אפילו אַן אַרויספאָדערונג: דאָס לעבן זאָל זיין ווי איך וויל עס זאָל זיין. דאָס איז דער אינווייניקסטער זין פון דער קונסט. דאָס איז דאָס הייליקע רעכט פון דער קונסט.

אין דעם אייגענעם זין האָט די קריטישע קונסט אַ רעכט אויף אַ ר י י נ ז אָ ג ן אין דער ל י ט ע ר אַ ט ו ר. עס איז דאָס רעכט פון דער קריטיק צו זאָגן: די ליטעראַטור איז ווי איך זע זי. עס איז אפילו דער זין און דאָס רעכט פון דער קריטיק אַרויסצושטעלן איר אידעאַל פון ליטעראַטור ווי זי ז אָ ל זיין.

און דאָס דאָזיקע רעכט האָט דער קריטיקער אין דעמזעלבן, איינציקן זכות, וואָס עס האָט זיין רעכט דער דיכטער:

אין דעם זכות פון טאַלאַנט.

4

קריטיק, אַזוי ווי יעדע קונסט, איז אַ סוביעקטיווע, דאָס הייסט שעפערישע קונסט. אַ ליטעראַטור-ווערק, ווי

יעדעם קונסט-ווערק בכלל, איז ווי אַ ריינער וואַסער־שטראָם: יעדער וואָס קוקט אַהין אַריין זעט זיין אייגע־נעם פּנים. און דאָס וואַסער האָט ניט קיין אייגענעם קאָליר: עס נעמט דעם קאָליר פון הימל וואָס איז איבער אים און פון דעם באָדן וואָס איז אונטער אים. אַ קונסט־ווערק איז גאָרניט: ניט קיין קונסט און ניט קיין אומ־קונסט, ווען עס געפינט זיך צווישן הימל און ערד. צווישן הימל און ערד איז עס אַ טויטע זאַך אין אַ טויטער אומגעבונג. עס ווערט קונסט אָדער אומקונסט נאָר דעמאָלט, ווען אין דעם גאַנצן רייך וואָס ליגט אויס־געשטרעקט צווישן הימל און ערד, פאַלט עס אויף אַ לעבעדיקער, מענטשלאַכער נשמה. און דאַן ווענדט זיך ווער די נשמה איז, וואָס פאַר אַ נשמה דאָס איז. אויף טאָלסטאָי׳ס נשמה איז שעקספּיר געווען שונד; אויף געטהע׳ס איז שעקספּיר געווען די העכסטע קונסט. וואָס איז אַלזאָ שעקספּיר: קונסט אָדער שונד? עס איז דאָ נאָר איין ענטפער: פאַר געטהע׳ן איז ער קונסט, פאַר טאָלסטאָי׳ן — שונד. עס איז ניטאָ קיין שעקספּיר — אין זיך אַליין. עס איז ניטאָ קיין קונסט אין זיך אַליין. עס איז פאַראַן נאָר דעם לעזער׳ס, דעם קריטיקער׳ס רעאַגירן אויף קונסט און קינסטלער. און דערפאַר קענען זיין, און דערפאַר זיינען פאַראַן, מיינונגס-פאַרשיידנהייטן אין דער קריטיק: איין - און - דאָס - זעלבע ווערק, איין - און - דערזעל־בער שרייבער איז פאַר איין קריטיקער גרויס און פאַר׳ן צווייטן קליין. ווער איז גערעכט? די דאָזיגע פראַגע קען ניט געשטעלט ווערן. זיי קענען זיין ביידע גערעכט; זיי קענען זיין ביידע אומגערעכט. די אמת׳ע

פראגע איז נים: „ווער פון די צוויי קריטיקער איז גערעכט?" נאָר: „ווער פון די צוויי קריטיקער איז אינטערעסאַנטער". איך אַליין האָב ליב וואַגנער׳ן. פונדעסטוועגן לייען איך מיט גרעסערער הנאה ניטשע׳ס קריטיק, וואָס רייסט וואַגנער׳ן אַרונטער, איידער טשעמבערליינ׳ס, צום ביישפּיל, וואָס הויבט אים ביז די שטערן, ווייל — ווייל ניטשע איז אַזוי פיל טיפער, גייסטרייכער ווי טשעמבערליין.

די געגענער פון קריטיק האָבן אויך אָפט ליב צו שטעלן די פראַגע: צו וואָס נוצט די קריטיק? וואָס ברענגט זי מיט זיך? וואָס גיט זי דעם לעזער אָדער דעם שרייבער?

אין ברייטן דענקען ווערט אַ זאַך ניט אַרויסגע-פסל׳ט פון לעבן אויף דעם גרונט פון איר נוצלאכקייט אָדער שעדלאכקייט. אין יעדן דענקען וואָס האָט אַ ווערט, איז אַ זאַך באַרעכטיקט שוין דורך איר עקזיס-טענץ אַליין. נים „צו וואָס נוצסטו?" נאָר „וואָס ביזטו?" דאָס איז די ערשטע קאַרדינאַלע פראַגע אין יעדער באַטראַכטונג פון דער נאַטור און זאַכן. די קריטיק א י ז, זי וואָרצלט אין דער מענטשלאכער נאַטור, זי איז אַ פאָרמע פון דעם מענטשלאכן גייסט, וואָס שטרעבט צו אויסדרוק; זי האָט אירע באַזונדערע פונקציעס, אַ געביט, וואָס איז ספּעציפיש אירער — דער אויסדרוק פון דער מענטשלאכער נשמה, ווי זי רעאַגירט אויף קונסט. און דאָס איז איר איינציקע באַרעכטיקונג און איר איינציקער זכות. קיין אַנדערן דאַרף זי נים.

(1923).